Leyvik, H.
Maharam fun
Rutenberg: dramatishe
poeme in zibn bilder.
New York, c1945.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005- 1899.21

Leyvik, H.
Maharam fun Rutenberg : dramatishe poeme in zibn bilder.
New York : H. Leyvik yubiley-fond durkh dem Tsiko-farlag, c1945.
127 p. ; 23 cm.

1. Meir ben Baruch, of Rothenburg, ca. 1215-1293--Drama. 2. Yiddish drama.—lcsh.
I. United States-New York-New York

ID : NXYH04-B493 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /53094

Reduction ratio X 10.0

ה. לייוויק

# מהר״ם פון רוטענבערג

דראַמאַטישע פּאָעמע אין זיבן בילדער



ה. לייוויק

# מהר״ם פון רוטענבערג

## דראַמאַטישע פּאָעמע אין זיבן בילדער.



אַרויסגעגעבן פונעם ה. לייוויק יובילײ-פאָנד
דורך דעם ציקאָ-פאַרלאַג

## פערזאָנען



**דניאל** — אַ יאָר צוואַנציק אַלט, געפינט זיך אין היטלערס קאָנצענטראַציע־לאַגער אין דאַכאַו.

**אַלטער ייד** — זיין שכן.

**אַהאַספער** — אייביקער ייד

**מהר"ם** — ר' מאיר ב"ר ברוך פון רוטענבערג, הויפּט־רב פון דייטשישע פּראָווינצן אין 1286, ראש פון דער מאַינצער ישיבה. אַ זיבעציקער.

**שמשון ב"ר צדוק** (באַקאַנט אין דער רבנישער ליטעראַטור אונטערן נאָמען תשב"ץ) מהר"מס איבערגעגעבנסטער תלמיד, נאָכשרייבער פון מהר"מס תשובות אויף אַ צאָל שאלות, 35 יאָר אַלט.

**אשר ב"ר יחיאל** (באַקאַנט אין דער רבנישער ליטעראַטור אונטערן נאָמען ראַ"ש) מהר"מס גאוניִשער תלמיד, אַ יאָר 37 אַלט.

**חיים בן מכיר** — מהר"מס אַ תלמיד, 20 יאָר.

**משה** — מהר"מס שמש.

**רחל** און **אסתר** — מהר"מס טעכטער.

**בת שבע** — אַ זקנה, מהר"מס הויז־ווירטין.

**יחיאל דער גלעזער.**

**קנוף** — מהר"מס אַ געוועזענער תלמיד. געשמדט זיך, געוואָרן אַ ריטער און אַ שונא ישראל.

**הערצאָג אַלברעכט פון האָהענבערג** — מושל פון מאַינץ אין 1286.

**שליח פון ארץ ישראל**

**ראשי הקהל** פון מאַינץ, וואָרמס, שפּייער, אָפּענהיים, רעגענסבורג, קאָנסטאַנצע.

**בעל אכסניה.**

**תפיסה־וועכטער.**

**יידן, דייטשער המון, ריטערס.**

קומט פאָר אין נאַציִשן דאכאו אין 1943 און אין מאַינץ אין 1286.



Printed in U. S. A.

Posy-Shoulson Press
227-29 W. 17th St.
N. Y. 11, N. Y.
255

## בילד איינס.

(נאַציִשער קאָנצענטראַציע־לאַגער אין דאכאו. רייען אויסגעפּייניקטע ייִדן ליגן אויף דער ערד. שפּעט אין דער נאַכט. דניאל, אַ יאָר צוואַנציק אַלט, ליגט צעגוויפּגעדרייט אויף אַ בערגל שמאַטעס. קען ניט שלאָפן. לעבן אים — אַן עלטערער ייִד, אַ יאָר זעכציק.)

**עלטערער ייד**

ניט גוט אַזוי, דניאל, מיין זון. —
אַ גאַנצע נאַכט אין אומרו שלײדערסט זיך אַרום,
אַ גאַנצע נאַכט. און שרייסט פון שלאָף.

**דניאל**

ווער שרייט דאָ, זיידע, ניט פון שלאָף ?
אַז יעדע נאַכט איז שיר ניט סוף.

**עלטערער**

אַט איז דאָך שטיל.

**דניאל**

ביז וואַנען עמיצן פון די געשטאַפּאָ־הינט
וועט זיך פאַרגלוסטן אָפּשפּילן אַ נייע שפּיל.

**עלטערער**

השם יתברך וועט אונדז ניט פאַרלאָזן.

**דניאל**

ער האָט אונדז שוין פאַרלאָזן.

**עלטערער**

מען טאָר אַזוי ניט רעדן.

**דניאל**

פאַרוואָס שלאָפט איר ניט, זיידע ?

**עלטערער**

ווען ניט דיין שרייען וואָס דו שרייסט
וואָלט איך געשלאָפן.

**דניאל**

טאָ זייט ניט בייז אויף מיר דערפאַר.

**עלטערער**

ניט שייך גאָר צו רעדן וועגן בייז זיין —
מיר זיינען ניט די איינציקע אין צער,
אין ידישע יסורים ; איבער אונדז —
די לעבעדיקע פּיין פון דורות.

**דניאל**

איך ווייס. איך האָב געוווינט זיך אָנגעלייענט
מיט ידישער געשיכטע.

**עלטערער**

זיך אָנלייענען איז ניט גענוג —
דער עיקר איז מכוון זיין מיט גרויס כוונה,
מיט אַלע אברים זיך אַריינטאָן
אין דורותדיקער פּיין ווי אין עבודת הבורא.

**דניאל**

מען גייט, דוכט זיך —

**עלטערער**

ניין, ניין. סע דוכט זיך. לאָמיר שלאָפן.

(די ווערן שטיל, לאַנגע פּויזע. פון דער פינצטערניש טיילט זיך אַרויס אַ געשטאַלט, שפּאַנט צווישן די שלאָפנדיקע. קומט צו צו דניאלן. אַ בלאַסע ליכטיקייט שפּרייט זיך אַרום דער געשטאַלט. ס׳איז אַהאַספער, האָט דעם אָנבליק פון דעם עלטערן יִד וואָס לעבן דניאלן.)

**אַהאַספער**

דו שלאָפסט, מיין זון ?

**דניאל**

(איינגעשלאָפן, ענטפערט ניט)

**אַהאַספער**

שטיי אויף, דניאל.

**דניאל**

(כאַפּט זיך אויף)

אוי ווייי — ווער איז דאָ ? שלאָגט מיך ניט.



**אַהאַספער**

ניט האָב קיין מורא. דאָס בין איך.

**דניאל**

ווער זיינט איר ? אוי, ווי מאָדנע,
איר קוקט דאָך אויס אינגאַנצן ווי דער זיידע.

**אַהאַספער**

פאַרוואָס מאָדנע ?

**דניאל**

דער זיידע ליגט דאָך דאָ און שלאָפט.

**אַהאַספער**

מען קען אי שלאָפן, אי זיין וואַך
אין איינער און דערזעלבער צייט.

**דניאל**

ווער זענט איר ?

**אַהאַספער**

אהאספער בין איך.

**דניאל.**

דער אייביקער יִד ?

**אַהאַספער**

יאָ.

**דניאל**

ווי קומט איר אַהער ?

**אַהאַספער**

וואו ידן זיינען — דאָרטן בין איך.

**דניאל**

איך האָב געלייענט וועגן אייך אין מעשות.

**אַהאַספער**

און ניט געוואָלט גאָר מיך אַמאָל באַגעגענען ?

**דניאל**

אַז אַלע מיינען דאָך אַז איר זענט אַ לעגענדע נאָר.

**אַהאַספער**

און וועלכער יִד איז ווייניקער פון אַ לעגענדע ?
אויך דו ביסט אַ לעגענדע, אויך דיין שכן.
ווועסט גיין מיט מיר.

**דניאל**

וואוהין ?

**אַהאַספּער**

איך זע דאָך — דיר איז שווער צו זיין דאָ.

**דניאל**

יאָ, זייער שווער. אַ מוראדיקע תּפיסה דאָ.

**אַהאַספּער**

מען דאַרף אויך אין אַ תּפיסה קענען זיין,
אויב נויטיק. —

**דניאל**

ווען איז עס נויטיק?

**אַהאַספּער**

ווען רשעות וויל דורך תּפיסות מנצח זיין —
באַדאַרף מען איר באַווייזן —

**דניאל**

(לאָזט ניט ענדיקן)

וואָס באַווייזן? ווי אַזוי?
זיי קומען מיטאַמאָל אַריין, די פּייניקער, די דייטשן,
און נעמען מיך אָן אויפהער שלאָגן,
און איך — איך קאָן מיין שרעק ניט גובר זיין.
איך וויין, איך שריי, — צו זייער פּינצטערער הנאה.
איך וואָלט זיך דעמאָלט אָנגעטאָן אַליין אַ מיתה.

**אַהאַספּער**

חלילה. וואָרעם שרייען איז קיין חרפּה ניט.
ווייל איין זאַך איז צו שלאָגן איבערן גוף,
און גאָר אַן אַנדער זאַך איז צו דערשלאָגן די נשמה,
און דאָס דעררווייזן קאָן ער ניט, דער שלעגער.
ווייל ייד איז אייביקער פון תּפיסה.
פאַרשטייסט? — און איצטער קום מיט מיר אַ ביסל.

**דניאל**

וואוהין?

**אַהאַספּער**

אויף מיינע וועגן. קום.





## בילד צוויי

(יודנגאַס פון מאַינץ. יאָר 1286. לינקס, אין דערוויטערונג, דער בית המדרש און ישיבה, מהרמ"ס וואוינונג ביים בית המדרש. אין צענטער — עטלעכע קליטן. רעכטס — דער געטאָ־טויער, אַ שווערער, אַן אייזערנער, — פונאַנדערגעעפנט. סיאיז פאַר האַלבן טאָג, אָבער מען זעט ניט קיין יידן אין גאַס. אַ חוץ עטלעכע באַוואָפנטע דייטשישע שוץ־זעלנער וואָס מאַרשירן אַרום הין און צוריק. אַן אימה ליגט איבער דער גאַס. אין אַלע שטיבלעך זיינען די שויבן אויסגעהאַקט. אין צענטער אָפּגעברענטע צוויי שטיבער. די קוימענס טאַרטשען אַרויף, ווי רויכערן נאָך. איבערן גאַס וואַלגערן זיך שטיקער גלאָז, צעפלינדערטע קישנס — סימנים פון אַ נאָר וואָס פאַרגעקומענעם פּאָגראָם. אַ באַנדע דייטשישע יונגען — אייניקע פון זיי אָנגעטאָן ווי ריטערס — מיט שפּיזן און אייזערנע שטעקנס אין די הענט, קומען אָן פון עק גאַס, שפּאַנען צום טויער צו, ליאַרעמען)

— אַ טויט די יודן.
— זיי זיינען פיינט פון אונדזער אימפּעראַטאָר.
— זיי זיינען פיינט פון אונדזער הערצאָג.

**שוץ־וואַך**

זיך האָהייט האָט אונדז היינט געשיקט אָהער
צו האַלטן אָרדענונג. מיר בעטן איך —
פאַרלאָזט די יודנגאַס.

**יונגען**

און נעכטן האָט זיך האָהייט אונדז דערלויבט
די יודנגאַס צו אונטערצינדן.

**שוץ־וואַך**

וואָס נעכטן איז געוועזן געהערט צום נעכטן,
און היינט איז דער באַפעל צו האַלטן וואַך.
זאָל זיין גענוג.

**קנופּ**

(אָנגעטאָן ווי אַ ריטער)

פאַרוואָס געגנוג?
מיר דאַרפֿן אונטערצינדן נאָך די יודן־שול,
און אויך דאָס הויז פון זייער רב.

**איינער פון די יונגען**

וואָס זאָגסטו עפּעס „זייער", ריטער קנופּ?
צי דו ביסט ניט פון זייערע? — צי ביסטו ניט?

**אַ צווייטער**

געוויס איז קנופּ שוין ניט קיין יודע מער,
ער איז אַן אונדזעריקער און — אַ וואָרער ריטער.

**ערשטער**

אַ יודע, ווען אַפילו אַ געטויפטער,
איז אַלץ אַ יודע נאָך.

**קנופּ**

האָט אַלע צוטרוי צו מיר, ברידער, —
האָט צוטרוי צו אַ ריטער פון זיין האָהייט.
די יודן האָס איך. אַ ווי כ'האָס זיי!

**שוץ־וואַך**

גייט אַלע איצט אַהיים. מיר בעטן אייך.
ביי גאָט זיינען פאַראַן נאָך פריילעכערע טעג.

**אַ דריטער**

יאָ, וואָר, יאָ, וואָר. מיר וועלן קומען מאָרגן.
די יודן וועלן ניט אַנטלויפן,
מיר וועלן קומען מאָרגן,
מיר וועלן קומען איבערמאָרגן.
מיר וועלן קומען, קומען.

**אַלע יונגען**

(גייען צום טויער. זינגען)

מיט בלוט און פייער
די יודנגאַס וועלן מיר צינדן,
דאָס יודן־שמוץ זאָל פון מאַינץ פאַרשווינדן,
די יודן־מעדכען וועלן מיר ווי קעלבער בינדן,
און זיי וועלן שוואַנגערן און קינדן.

(אַפּ דורכן טויער. די שוץ־וואַך דערווייטערט זיך אין דער ריכ־
טונג פונעם רבס הויז. אין דער צייט דינען דורכן טויער



אַריינגעקומען אַהאַספער און דניאל, אַ ווינקל פון אַ שטוב האָט
די פאַרשטעלט און די באַנדע האָט די ניט באַמערקט. קנופּ אָבער
האָט זיי יאָ באַמערקט. ער לאָזט איבער די באַנדע און גנבעט
זיך הינטער אַרום. לויערט אויף זיי)

**דניאל**

צי הערט איר די געזאַנגען וואָס זיי זינגען?

**אַהאַספער**

אוודאי הער איך.

**דניאל**

אַזוי באַקאַנט ווי ס'קלינגט מיר.

**אַהאַספער**

מיר אויך.

**דניאל**

ווי ווייט זיינען מיר פון דאַכאו?

**אַהאַספער**

ניט ווייט.

**דניאל**

וואָס מיינט ניט ווייט?

**אַהאַספער**

אַ זיבן הונדערט יאָר אויף צוריק, ניט מער.

**דניאל**

איז דאָס — ניט ווייט?

**אַהאַספער**

וואָס זיינען זיבן הונדערט יאָר, דניאל?
איין שפּאַן. — ווילסט וויסן ריכטיק וואו מיר זיינען?
אין מאַינץ, דניאל, אויף דער יודנגאַס,
אין יאָר צוועלף הונדערט זעקס און אַכציק.

**דניאל**

אין מאַינץ? וואו ס'וואוינט דער רב מהר"ם פון רוטענבערג?

**אַהאַספער**

אַ טייערן זכרון האָסטו, זע איך.
דאָ וואוינט טאַקע ר' מאיר ב"ר ברוך,
דער גוטער גאון און דער מנהיג הדור.

**דניאל**

די גאַס זעט אויס ווי נאָך אַ פּאָגראָם.

**אַהאַספער**

ניט ווי — נאָר אויף אַן אמת נאָך אַ פּאָגראָם.
ווייל ווען און וואו מיר זאָלן ניט קומען
טרעט שטענדיק אונדזער פוס אַריין אין אַ פּאָגראָם.

**דניאל**

איר זאָגט עס מיט אַזאַ מין זיכערקייט
און — מיט אַזויפיל קאַלטקייט.

**אַהאַספער**

אַ ברירה האָב איך!

**דניאל**

כ'באַוואונדער אייער קאַלטקייט. אָבער —

**אַהאַספער**

וואָס אָבער?

**דניאל**

צי ווילט איר אַז אויך איך זאָל זיין
אַזוי ווי איר געלאַסן און פאַרשלאָסן?

**אַהאַספער**

וואָס הייסט איך וויל? ס'איז ניט מיין טבע
אַרויפצעצווינגען מיין געמיט אויף עמיצן.
צו מיין געמיט דאַרף יעדער צופאַלן אליין
ווי צו זיין סאַמע לעצטער ברירה,
וואָס איז די לעצטע טיר וואָס פירט צו גאָט. —
צו מיין געמיט פאַלט צו איעדער ייד,
וואָס איז אדורכגעגאַנגען שוין די לעצטע טיר
און רירט שוין אָן די אייביקייט פון גאָט.
און דו ביסט צו יונג נאָך דערפאַר. —

**דניאל**

(פאַלט צו מיטן פנים צו אַ וואַנט פון אַ שטיבל. דינע אַקסלען ציטערן)

**אַהאַספער**

ניט וויין, דניאל.

**דניאל**

איך וויין ניט.
איך וויל נאָר צומאַכן די אויגן אויף אַ ווײַלע.



**אַהאַספער**

אַ ייד דאַרף האַלטן זיינע אויגן אָפן.

**דניאל**

איך וויל ניט קוקן אַלעמאָל אויף חורבן; כ'וויל ניט.

**אַהאַספער**

דו מוזט.

(ער הייבט אויף שטיקער גלאָז, באַטראַכט זיי, גיט זיי דניאלן)

נאָ, נעם עס אין דיין האַנט.

**דניאל**

איך וויל ניט צורירן זיך צו דעם.

**אַהאַספער**

(שטרענג)

דו מוזט, זאָג איך!

**דניאל**

(נעמט די שטיקער גלאָז אין האַנט, האַלט זיי אַ רגע, לאָזט זיי אַרויס פון האַנט. די פאַלן אַרונטער מיט געקלימפּער).

שוין האַלבער טאָג. קיין לעבעדיקער נפש אויף דער גאַס.

**אַהאַספער**

ס'וועט זיין אַ לעבעדיקער נפש באַלד, ס'וועט זיין.
האָב צוטרוי. האָב אמונה. האָב, דניאל.
ווייל אויב מיר ווילן קאָנען מיר דאָך זאָגן:
אַ ייד וואָס איז אין דאַכאַו, איז אויך אין מאַינץ, —
אַ איד וואָס איז אין מאַינץ, איז אויך אין דאַכאַו.
אין איינער און דער זעלבער רגע — דאָרט און דאָ.

**דניאל**

כ'בין דאָרשטיק. לאָמיר אַנקלאַפּן אין אַ טיר.

(לאָזן זיך גיין צו אַ טיר)

**קנוף**

(שפּרינגט אונטער)

גייט ניט!

**דניאל**

פאַרוואָס?

**קנוף**

איך זאָג דאָך — גייט ניט.

**דניאל**

ווער זענט איר?

**קנופּ**

און איר ?

**דניאל**

מיר זיינען אורחים דאָ.

**קנופּ**

אַז איר זענט אורחים — זע איך דאָך,
דאָס דאַרפט איר מיר ניט זאָגן — —
אַוועקט פון מאַינץ, אַנטלויפט.
אַז ניט וועל איך אייך אומברענגען.
כ'האָב מאַכט. כ'האָב מאַכט אַ סך.
צי זעט איר ניט מיין פּאַנצער און מיין שווערד ?
צי ווייסט איר ניט אַז איך בין ריטער קנופּ ?

**דניאל**

מיר זיינען ייִדן, און צו ייִדן זיינען מיר געקומען.

**קנופּ**

דאָס זע איך אָן די בגדים אייערע.
גאָר געלע לאַטעס טראָגט איר אויף די אָרעמס !
גאָר מגן־דודס טראָגט איר ! —
און אונדזערע ייִדן טראָגן הוטן גאָר מיט שפּיצן.
יאָ, יאָ, מיט שפּיצן טראָגן זיי, —
קיין מגן דודס טראָגן זיי ניט — אונדזערע ייִדן.
קיין גרויסער חילוק אָבער איז דאָס ניט,
איך וועל אייך סיי ווי סיי פאַרניכטן אַלעמען. —
גייט שנעל אַוועק פון דאַנען.

**דניאל**

ניט ביים זינען דאַכט זיך.

**קנופּ**

אַזוי ? אָט נעם איך און איך גיב אויך אייך
פאַרזוכן גלייך מיין ריטער־שווערד.
(ציט זיין שווערד פון שייד)

**אַהאַספער**

(געלאַסן)

נו, אדרבה, לאָמיר זען.

**קנופּ**

(לאָזט אַראָפּ די שווערד צוריק, דורכגענומען מיט אַ שרעק)

מאַכסט ציטערן מיין האַנט. — ווער ביסטו ?



**אַהאַספער**

דו ווייסט ניט ווער איך בין ? דערפאַר אָבער
ווייס איך ווער קנופּ־משומד איז :
אַ גלגול פון אַ הונט אויף טויטע וועגן,
אַ גלגול פון אַ וואָלף וואָס זינקט אין זומפּן.

**קנופּ**

פאַרדאַמטער יודע מיטן שנאָבל־נאָז.

(עס קומט יחיאל דער גלעזער, אַ הויכער ייד, אַ שטאַרקער, טראָגט אין האַנט אַ קעסטל מיט גלאָז פאַר שויבן. דערזעט קנופּן. נעמט שרייען)

**גלעזער**

משומד ! עוכר ישראל !

**קנופּ**

(רוקט זיך אויף צוריק פּחדנותדיק)

איך וועל אייך אַלעמען פאַרטיליקן !

**גלעזער**

וואָס גיכער טראָג זיך אָפּ, משומד, —
אַז ניט צעברעך איך דיר די ביינער.

(קנופּ אָפּ. גלעזער צו די אורחים)

צוזאַמען מיט די ווילדע רוצחים —
אויף אונדז, אויף אייגענע, אויף ברידער ;
פון כעס וועגן אויפן רב געשמדט זיך —
פאַרוואָס דער רב האָט ניט געוואָלט אים געבן
זיין טאָכטער פאַר אַ ווייב. — אַזאַ משומד,
אַזאַ מין עוכר ישראל. — שלום עליכם, ייִדן.

**אַהאַספער און דניאל**

עליכם שלום, עליכם שלום.

**גלעזער**

פון ווייטע מקומות, זע איך —

**אַהאַספער**

פון זייער ווייטע.

**גלעזער**

אָן אייער מלבוש זעט מען עס. אין שלעכטע טעג
צו אונדז געקומען. גאָר אין שלעכטע. —
אין טעג פון ריטער־אָנפאַלן אויף אונדז.

איר זעט דעם חורבן אונדזערן? אוי ווי —
ניטא קיין שטוב וואו ס'איז ניט אויסגעהאקט א שויב.
איצט האב איך ניט קיין גלאז פאר אלע שויבן.

**דניאל**

וואו זיינען ידן?

**גלעזער**

זיצן אין די שטיבער;
געשלאגן זיך א גאנץ פרימארגן מיט די רוצחים.
נישקשה, מאינץ האט בראווע ידישע יונגעלייט,
וואס קאנען פעכטן זיך מיט שווערדן, ברוך השם.
אפילו א ישיבה־מאן ביי אונדז הייבט אויף א מעסער.
דער רב אליין, זאל לעבן, גיט אויף דעם זיין היתר.
נאר אט האט זיך דערמאנט אן אונדז דער הערצאג,
דער בעל־החסד אונדזערער, — געשיקט א וואך
מכלומרשט צו באשיצן אונדז — ווען שוין נאך אלעמען,
און אנגעזאגט מיר זאלן אלע זיצן אין די שטיבער
ביז האלבן טאג.

**דניאל**

ביי אונדז — ניט בעסער.

**גלעזער**

וואס שייך בעסער? וואו נאר ידן — דארט א הערצאג.
און גזירות, זאגט מען, אומעטום. מיט טעג צוריק
איז נאך אן אורח אנגעקומען, אן עין־הרע,
א שליח אזש פון אונדזער ארץ־הקדושה, —
איז ער זאגט אויך, אז אומעטום פארפאלגט מען ידן,
מען שעכט זיי און מען ברענט זיי, זאגט ער;
נאר דארט ביי אים אין לאנד פון כאן ארגון
האט זיך משיח שוין באוויזן, זאגט ער. —
די ידישע גאולה שוין געקומען, זאגט ער.

(עס יאגט אריין דורכן טויער א מלוכה־רייטער אויף א פערד, שאלט אין א טרומייט, יאגט מיט אימפעט צו דער שול)

**דניאל**

וואס באטייט עס?

**גלעזער**

א רייטער פון אונדזער מושל.



**דניאל**

און וואס באטייט די שאלונג וואס ער שאלט?

**גלעזער**

א סימן פון א נייער צרה, ווי איז אונדז!

(לאזט זיי איבער און איילט אוועק אין דער זעלבער ריכטונג וואס דער רייטער. פון שטיבער קריכן ארויס ידן, רוקן זיך פארזיכטיק מיט אויסגעשטערקטע העלדזער און פארשנדיקן שוויגן. נעמען זיך דערנאך איבערוואַרפן מיט אפגעהאקטע שטימען:)

— א גזירה ווידער.
— ווייניק נאך געפלינדערט אונדז.
— אזא באשיצער, ווי צו אונדז.
— דעדט שטילער.
— מסתמא ווידער געלט פון אונדז.
— מען דארף פארלאזן מאינץ.
— ארויס פון גלות.
— משיח קדשנו רופט דאך אונדז,
געשיקט א שליח נאך אונדז.
— דער רב אבער האט אים געאסורט — דעם שליח.
— און אויב משיח איז געקומען שוין?
— נאך ניט די ריכטיקע צייט.
— און ווען איז יא די ריכטיקע צייט?
— ווען? ווען? —

(שטיל געיאמער. האקט זיך אפ. דער גלעזער קומט צוריק)

**גלעזער**

געקומען רופן אונדזער רב צום הערצאג אין פאלאץ.
דער ראש־הקהל איז דארט, און אלע. א מהומה.

(דער רייטער יאגט דורך אויף צוריק. פארשווינדט. גלייך נאך דעם זעט מען פון דערווייטנס ווי דער רב קומט ארויס אין גאס און אן עולם ארום אים. עס שטעלט זיך אויס א מחנה, דערנעענטערט זיך צום טויער. פאראויס גייט משה, דער שמש פון מהר״ם. זיין שטענדיקער באגלייטער. א ייד פון א יאר פופציק. דערנאך גייט דער ראש־הקהל פון מאינץ. נאך אים — דער רב, מהר״ם, א מיטלוואוקסיקער זקן, א זיבעציקער, אינגאנצן א ווייסער. פון בײדע זייטן באגלייטן אים זיינע צוויי באליבטסטע תלמידים: **אשר בן יחיאל** [באקאנט אונטער נאמען רא״ש] און **שמשון ב״ר צדוק** [באקאנט אונטערן נאמען תשב״ץ]. הינטער זיי — נאך אן עולם תלמידים, צווישן וועלכע

עס געפינען זיך: **חיים בן מכיר** [צוואַנציק יאָר אַלט, אַ שינער, אַ באַגייסטערטער, אַ מוטיקער]. **משה בן חסדאי, הלל הכוהן, אשר בן יחיאל** — פינף און דרייסיק יאָר אַלט, אַ הויכער, אַ דינער מיט אַ שטרענגען שאַרפן פּנים, טיף־שוואַרצע האָר. **שמשון** ב״ר צדוק — אַרום דרייסיק. — אַ נידעריקער, אַ דיקלעכער, בלאָנדלעך. אַלן זיינען זיי געקליידט אין לענגלעכע טונקעלע רעק. שפּיציקע יודנהוטן אויף די קעפּ. דער ראש־הקהל טראָגט אַ ראָק פון בלוילעכן סאַמעט. דער מהר״ם — אַ מאַנטל פון שוואַרצן זייד ביז די פּיאַטעס. דעם מהר״מס הוט — אַ העכערע פון אַלעמענס, אַ צעשפּרייטע אין עטלעכע שפּיצן, באַצויגן מיט ווייסן פוטער. די מערסטע תלמידים, צווישן צוואַנציק און העכער, טראָגן אין די הענט שטעקלעך, אין וועלכע, ווי אין שיידן, ליגן באַהאַלטן שפּיזלעך. זיי, די בחורים, פון וועלכע עס טיילט זיך אַרויס חיים בן מכיר, בילדן מיט זיך אַזאַ מין זעלבסטשוץ. מהר״ם האַלט אין האַנט אַ הויכן שטעקן מיט אַ גאָלדן הענטל און אויפן האַלדז טראָגט ער אַ קייטל מיט אַ זיגל. ער שפּאַנט שטאָלץ)

**שמש**

דער רב גייט, ידן, מאַכט אַ וועג.
דער הערצאָג, ירום הודו, האָט געשיקט נאָך אים.

**עולם**

(פאַרשטעלט דעם וועג)

וואָס זאָל עס מיינען, רבי?

**ראש הקהל**

פאַרהאַלט אונדז ניט, רבותי.

**מהר״ם**

(שטעלט זיך אָפּ)

נאָר ניט מיט כעס, ראש הקהל. — —
און איך, רבותי, בעט איך: האָט בטחון
אין גאָט ברוך הוא.

**פון עולם**

אַ מורא איינצוזיצן אין די שטובן, רבי.

**מהר״ם**

השם יתברך איז אונדזער פאָטער, ידן.

**פון עולם**

צי וויס דער רב זאָל לעבן
נאָך וואָס דער הערצאָג רופט אים?



**מהר״ם**

מיר דאַרפן זיין גרייט אויף אַלץ, רבותי.

(אין עולם געוויין)

איך בעט אייך — וויינט ניט.

**ראש הקהל**

דער הערצאָג וואַרט דאָך, רבי.

**מהר״ם**

געדולד, ראש הקהל. ידן ווילן אַ טרייסט־וואָרט.

**ראש הקהל**

זייט מיר מוחל, רבי.

(איניקע יונגעלייט־באַגלייטער האָבן דערווייל אַרויסגעצויגן פון זייערע שטעקנס קורצע שפּיזן און באַטראַכטן זיי)

**אשר**

(שטרענג)

מיין עצה, רבי, צו זיין אָפּגעהיט וואָס מערער
און ניט אַרויסציען קיין שפּיזלעך פון די שיידן
אַזוי זיך, גלאַט פון שפּיל וועגן, אין מיטן גאַס.
דער רבי וואָלט באַדאַרפט גוט מתרה זיין —

**מהר״ם**

תלמידים מיינע, אשר־לעבן איז גערעכט.
איך בעט אייך זייער אָפּגעהיט צו זיין —

**חיים בן מכיר**

(אומצופרידן)

מיר זיינען אַלע אָפּגעהיט און פאָרזיכטיק.

**אשר**

אָט שטייט איר דאָך און שפּילט זיך מיט די קלינגלעך.
ניט רעכט אַזוי.

**שמשון**

און איך מיין אויך ווי אשר —

**מהר״ם**

געדענקט, תלמידים מיינע — נאָר פון שוץ וועגן;
ווייל טאָמער, חס־חלילה, פאַרגעסט איר —

**חיים**

ווי קענען מיר פאַרגעסן?

(די וואָס האָבן אַרויסגעצויגן די שפּיזן באַהאַלטן זיי צוריק אין די שטעקנס)

**מהר"ם**

אויב דאָ אויף אונדזער גאַס, אויף דער זייט טויער,
איז אונדזער לעבן אַזוי הפקר —
אַפּשיטא שוין אויף זייער גאַס, אויף יענער זייט.
איז טאָמער וועט, חלילה, ווער פון זיי
מיט עפּעס אונדז אין וועג פּוגע זיין —
זאָלט איר, איך בעט אייך נאָך אַמאָל, זיין אַפּגעהיט,
ניט ווערן אומגעדולדיק גלייך אויף דער מינוט,
ניט לאָזן זיך אַריינגאַרן אין אַ געשלעג.

**חיים**

דער רבי ווייס דאָך מער פון אַלעמען,
און אייך ר' אשר ווייסט דאָך אויף געוויס,
אַז יידן זיינען קיינמאָל ניט קיין אַנפאַלער.
אַ סימן — ווען מענס האָב און גוטס איז צעראַבירט ?
און ווען מענס הייזער ברענען ? — אונדזערע, ניט זייערע.

**אשר**

וואָס חיים זאָגט איז טאַקע אמת,
פונדעסטוועגן וואָלט גאָר דער רבי, לפי דעתי,
באַדאַרפט דעם נאַרישן כלי־זיין אסורן.

**מהר"ם**

פאַרוואָס, אשר ?

**חיים**

מיט וואָס איז אַ כלי־זיין נאַריש ?

**אשר**

דערביי האָב איך אַן אַנדער יידישע מחשבה,
און האָבן מורא אים צו טראָגן אָפן.
און מורא אים צו טראָגן אָפן האָבן מיר דאָך אַלע,
אַפילו די פון אונדז וואָס שפּילן זיך אַמאָל מיט אים. —
פאַרוואָס ? ווייל אַ כלי־זיין נאָר פון שוץ וועגן
מוז זיין פאַרדעקט, פאַרבאָרגן ווי אַ גנבה,
און דאָס איז ניט אין כבוד פון השם יתברך,
און ניט אין כבוד פון ישראל.

**חיים**

טאָ לאָמיר טראָגן אָפן דאָס כלי־זיין.



**מהר"ם**

דאָס קאָנען מיר ניט, חיים.

**ראש הקהל**

צי איז עס ניט צום חוזק, רבי,
אַ פּאָר פאַרשפּיצטע שטעקנס אָנרופן כלי־זיין ?
מיר מאַכן זיך דערמיט דאָך טאַקע נאַריש,
און שפּילן נאָר אַריין די ריטערס אין די הענט.
די ריטערס האָבן שווערדן אמתע, און שפּיזן,
און העק און פאַנצערס און צעשוימטע פערד. —
דעריבער מיין איך אויך —

**חיים**

און איך מיין אַנדערש.

**אשר**

דערביי האָב איך אַן אַנדער מחשבה,
און אויך אַן אַנדער שאלה, רבי, —
איר אַלע, ברידער, דאַרפט די שאלה פרעגן : —
צי קאָנען מיר דען זיין ווי זיי ?
צי ווילן מיר דען זיין ווי זיי
אפילו ווען מיר וואָלטן עס געקאָנט ?
אַ תשובה קאָן נאָר איינע זיין אויף דעם :
מיר קאָנען ניט און ווילן ניט.
פון דעם איז שוין געדרונגען, אַז די שווערד
מיט איר באַשיינפּערלעכער תאווה און הנאה
געהערט אין סאַמע תוך צו זיי. ס'איז זייערס.
פאַר אונדז איז זי אַ מוקצה.

**חיים**

ר' אשר, דוכט זיך, טראָגט אַליין אַזאַ כלי־זיין —

**אשר**

אוודאי טראָג איך, ווייל — אל תפרוש מן הצבור.
און חיים ווייס, אַז ווען מען דאַרף
בין איך ניט פון די לעצטע, פון די שרעקעדיקע.
כ'האָב נעכטן אויך ביים אָנפאַל פון די הינט
מיין שפּיזל־שאַרף געניצט, און גוט געניצט.
פונדעסטוועגן, בין איך זיך מודה דאָ פאַר אייך,
אַז יעדעס מאָל ווען כ'ריר זיך צו צום שפּיזל,
איז ווי איך וואָלט זיך צוגערירט צו טומאה,
און כ'וואַש די הענט ווי נאָך אַן אָנריר פון אַ שרץ. — —
און איר — איר שפּילט זיך נאָך אַרום מיט דעם !

**חיים**

איך בין לחלוטין מיט ר׳ אשרס רייד ניט מסכים.

**ראש הקהל**

(מיט אומגעדולד)

אין מיטן גאַנג — אַ פּילפּול גאָר,
אין מיטן חורבן — אַ מחלוקת גאָר.
דער הערצאָג וואַרט דאָך, רבי.

**מהר״ם**

קיין בייז ניט, ראש הקהל. זאָל ער וואַרטן.
די גזירות וועלן ניט פאַרשפּעטיקן.

(ווענדט זיך צו אַן אַנדער תלמיד)

און וואָס זאָגט איר, הלל?

**הלל הכוהן**

ביים רמב״ם, בין איך זיך משער, רבי,
וואָלט גאָר קיין שאלה ניט געווען צי מעג אַ ייד
באַשיצן זיך אַנטקעגן שונא מיט געווער.
דער רמב״ם וואָלט אפילו הייסן אָנפאַלן, —
יאָ. יאָ. די ערשטע זיין אַפילו אָנצוגרייפן —
אויב נאָר עס זאָל אַ חיוב זיין דערביי,
אַ חיוב און אַ שכל הישר.

**משה בן חסדאי**

ר׳ הלל איז שוין דאָ מיטן שכל הישר!
אַז אָך און ווי וואָלט זיין צו אונדז
ווען עם ישראל וואָלט זיך נאָר פאַרלאָזט
אויף ברעקלעך שטאָל און ברעקלעך שכל הישר!

**חיים**

איז, הייסט עס, וואָס? —
איז, הייסט עס, נעמען און זיך אויסלייגן,
להבדיל, ווי די קעלבער צו דער שחיטה?

**אשר**

פאַרוואָס עפּעס ווי קעלבער, חיים?
פאַרוואָס ניט גאָר ווי יצחק אויפן באַרג מוריה?

**שמשון**

פאַרוואָס ניט ווי די עשרה הרוגי מלכות?

**חיים**

פאַרוואָס ניט מיט דער שווערד אין האַנט ווי רבי עקיבא,
וואָס האָט געוועקט בר־כוכבאן צו מרידה?



**מהר״ם**

כ׳וועל איבערטראַכטן וועגן דעם, תלמידים מיינע, —
דער ענין איז אַ האַרבער.

(פון הינטערגרונט טרעטן אַרויס אַהאַספער און דניאל. דניאל קומט צו נאָענט צום מהר״ם)

**דניאל**

פאַרוואָס ניט טראַכטן, רבי הייליקער,
אַז צווישן די עשרה הרוגי מלכות
איז אויך געווען אַ יוסף חיים ברענער,
אַ ווילנער שוסטער־יונג — אַ לעקערט,
צי גאָר אַ פּראָסטער איטשע מאַיער פון מאַידאַנעק?

**מהר״ם**

(געפּלעפט)

ווער?

**אַלע**

(אַרום)

ווער?

**אַהאַספער**

דער רבי זאָל ניט האָבן קיין תרעומות —

**מהר״ם**

ווער זענט איר, ר׳ ייד?

**אַהאַספער**

מיר קומען פון דער פרעמד.

**דניאל**

פון ווייטע לענדער.

**מהר״ם**

(גיט זיי שלום)

שלום עליכם, ייִדן.
די מאָדנע לאַטעס מיטן מגן־דוד זאָגן עדות
אויף אייער ייִדישקייט.

**דניאל**

ווי דאָ ביי אייך — די שפּיצן פון די הוטן.

**מהר״ם**

די הוטן טראָגן מיר ווי שאַנדע־צייכנס —

וועט איר דאָך אויך דעם צייכן דאַרפן אָנטאָן.
דעריבער נעמט אַראָפּ די לאַטע מיטן מגן־דוד,
איר זאָלט ניט דאַרפן אייער שאַנדע־צייכן טאָפּלען.

**דניאל**

מען וועט מיך שלאָגן אויב איך וועל עס טאָן.
אין היטלער־לאַגערן פאַרפייניקט מען דערפאַר.

**פון עולם**

אין וועמענס לאַגערן ?

**דניאל**

אין היטלערס, ימח שמו. איר ווייסט ניט ווער דאָס איז ? —
וואָס קוקט איר אַלע אַזוי שאַרף פאַרחידושט ?
איך קום פון פינצטערניש, פון פייניקונג,
מיין לייב איז מיר צעשמיסן און צעשניטן.
און איר קוקט אויך אויף מיר מיט חידוש, רבי. —
צי איר דערקענט מיך ניט ?
צי איר זענט ניט מיין שכן וואָס אין תפיסה ?

**מהר"ם**

אין וועלכער תפיסה ? וואָס באַטייטן דיינע רייד ?

**דניאל**

איך זע דעם רבין איינגעזעצט אין תפיסה —
איך זע — איך זע —

(אַלע אַרום גאַפן)

**אַהאַספער**

אַ נעמט ניט זיינע רייד פאַר אומגוט, רבי.
איר זעט דאָך אַלע — ער איז מיד, צעטומלט.
מיר קומען פון אַ לאַנגן שווערן וועג.

**מהר"ם**

איר זענט זיין פאָטער ?

**אַהאַספער**

אפשר מער נאָך ווי אַ פאָטער.

**מהר"ם**

וואָס הייסט ? — צי מעג איך וויסן אייער נאָמען ?

**אַהאַספער**

דער רבי וויס מיין נאָמען שוין פון לאַנג.
דער רבי קאָן מיך —



(מהרם קוקט לאַנג אַהאַספערן אין די אויגן. פון אונטערן טויער באַווייזט זיך דער שליח פון אָריענט, מיט אַ טורבאַן אויפן קאָפּ, אַ מאַן פון אַ יאָר פערציק. צווישן עולם ווערט אַ גרויס גערודער)

**פון עולם**

דער שליח, רבי !

**מהר"ם**

(צאָרנדיק)

איך וויל אים ניט זען.

**פון עולם**

דער רב זאָל לעבן וויל אייך ניט זען.

**שליח**

דער רבי מוז מיך זען. ער מוז.

(שפּאַרט זיך און קומט צו נאָענט צום מהר״ם)

**מהר"ם**

איך האָב געאַסורט אייער זיין דאָ, ר' שליח.

**שליח**

(מיט התפעלות)

אַ זאָל דער רבי ניט אַוועקנעמען זיין פּנים
פון איינעם, וועמענס אויגן ס'האָבן זיך געטונקט
אין ריינעם זיו פון אונדזער ארץ הקדושה,
און וועלכער קומט צו אייך אין טעג פון גזר
מיט גוטע בשורות וועגן ביאת המשיח.

**מהר"ם**

כ'בין גוזר ניט אַרויפצוברענגען אויף דער צונג לשוא
דעם נאָמען פון משיח צדקנו.

**שליח**

ווי זאָל איך ניט אַרויפברענגען זיין נאָמען ? —
אַז ער איז דאָך מיט מזל שוין געקומען,
מיט ברכות מיך געשיקט צו אייך.

**מהר"ם**

עס קאָן ניט זיין. דער קץ איז נאָך ניט אָנגעשטאַנען.

**שליח**

אַז מיינע אויגן האָבן דאָך אַליין געזען
זיין לויכטנדיק געשטאַלט, און כ'האָב אַליין
פאַרנומען פון זיין מויל דאָס זיסע וואָרט : גאולה.
גערעדט האָט ער צו מיר אַזוי צו זאָגן :

צו אַלע יידן גיי און זאָג צו זיי:
אין אונדזער הייליק לאַנד אין ארץ־ישראל
אַ מלך חסד הערשט, דער כאַן ארגון,
און סעד אל אבדול דער ייד — זיין שני למלך,
און שלום און מנוחה איז ביי אונדז,
און ס'רופט צו קבוץ גליות אַלע יידן
דער מלך המשיח אבולפיה.

**מהר"ם**

ער איז ניט אַנדערש ווי אַ משיח שקר.

**שליח**

אַז וויי צו מיר אַזוינס צו הערן.

**פון עולם**

פאַרוואָס ניט גלויבן אים? פאַרוואָס?
מיר ווילן גלויבן אַז ס'איז אמת.
מיר ווילן גלויבן. —

**מהר"ם**

איך הייס אייך ניט פאַרפירן ס'פאָלק!

**שליח**

פאַרוואָס אַזאַ אכזריות, רבי?

**מהר"ם**

איך הייס אייך גלייך פאַרלאָזן מאַינץ.

(צום אַנגעזאַמלטן עולם)

און איר, רבותי, גייט צו זיך אין די שטיבער,
פאַרריכט דעם היזק יעדער ווי ער קען,
און אויך דעם שטאָט־עירוב פאַרריכט,
ווייל ישוב, רבותי, איז ישוב,
און מאָרגן, אם ירצה השם, איז ערב שבת.
און איצטער לאָמיר גיין צום הערצאָג, ראש הקהל.

(די מחנה יידן לאָזט זיך צום טויער)





## בילד דריי

(אין פאַלאַץ ביים הערצאָג אַלברעכט פאָן האָהענבערג. ביי די טירן ריטערס.)

**הערצאָג**

ארייַנלאָזן דעם יודע.

(וואַך עפנט די טיר. מהר"ם קומט אַריין מיט זיין שטעקן אין האַנט. נויגט זיך פאַרן הערצאָג. הערצאָג מיט געמאַכטער העפלעכקייט)

אַ זייער אנגענעם צו זען פאַר זיך דעם רב פון יודנגאַס.

**מהר"ם**

איך דאַנק זיין האָהייט פאַר גאַסטפריינטלעכקייט.

**הערצאָג**

(סאַרקאַסטיש)

אַ גרויסן שטעקן טראָגט דער רב פון יודנגאַס.
אַ שטאָלצן שטעקן מיט אַ גאָלדן הענטל,
און אויך אַ זיגל טראָגט דער רב פון יודנגאַס.

**מהר"ם**

זיין האָהייט האָט ניט איין מאָל שוין
געזען מיך מיטן זעלבן שטעקן, מיטן זעלבן זיגל.

**הערצאָג**

איז טאָקע זייער זאָנדערבאַר: דער יודן־רב
טראָגט שיר ניט קעניגלעך זיין שטעקן.

**מהר"ם**

זיין האָהייט קאָן היינט זען אויף אונדזער גאַס
אַ סך סימנים קעניגלעכע.

**הערצאָג**

צום ביישפיל?

**מהר"ם**

פאַרברענטע שטיבער, אויסגעהאַקטע שויבן,
צעפּלינדערט האָב און גוטס —

**הערצאָג**

(געטראָפן. צאָרנדיק)

דער רב פון יודנגאַס קאָן זיין אויך ביטער.
דער רב פון יודנגאַס פאַרגעסט, ווייזט אויס,
פאַר וועמענס אַנגעזיכט ער שטייט.

**מהר"ם**

איך שטיי פאַרנויגט פאַר מלכות, אייער האָהייט.

**הערצאָג**

דער רב פון יודנגאַס ווייזט צופיל שטאָלץ אַרויס.

(גאַליק צווישן די ציין)

כ'דערלויב דעם רב פון יודנגאַס צו זעצן זיך.

**מהר"ם**

(זעצט זיך ניט גערן.)

איך דאַנק, אייער האָהייט.

**הערצאָג**

דער יודן־רב איז אַ געלערנטער און קלוגער מאַן.
דאָס ווייס איך שוין פון לאַנג. יאָ, יאָ, פון לאַנג.
כ'האָב שטענדיק פאַרגעניגן פון זיין חכמה
און פון זיין פעאיקייט פאַראויסצוזען געשעהענישן.
וואָלט וואונדערבאַר געווען ווען ער נעמט איינס און צוויי
און טרעפט צו וואָס כ'האָב אים גערופן.

**מהר"ם**

מסתמא צוליב דעם, כדי אויסצודריקן מיטגעפיל
צו אונדז, און אויך באַדויער, פאַר דעם אָנפאַל
אויף אונדז מצד דעם בלוטיקן המון פון מאַינץ,
און — אפשר — אויך אַרויסצעווייזן גרייטקייט
צו אויפשטעלן צוריק דעם שאָדן אונדזערן.

**הערצאָג**

(אַ געלעכטער־ספאזמע כאַפט אים אַרום. ער שפרינגט אויף).

דער רב פון יודנגאַס רעדט פרעך.
געהערט האָב איך אַז אייערע יונגעלייט גאָר
געוואָרפן האָבן זיך מיט שאַרפע מעסערס
אויף מיינע בראַווע ריטערס.

**מהר"ם**

באַשיצן זיך דאַרף זיין דערלויבט אַיעדן.



**הערצאָג**

די יודן האָבן ניט קיין מינדסטע רעכט
אַליין זיך צו באַשיצן, איך דאַרף זיי באַשיצן.

(זעצט זיך צוריק, באַהערשט זיך)

איך זע — איך דאַרף אַליין דעם יודן־רב דערציילן
אויף וואָס כ'האָב אים גערופן.

**מהר"ם**

כ'בין לויטער אויפמערקזאַמקייט, אייער האָהייט.

**הערצאָג**

דער רב פון יודנגאַס און אַלע יודן ווייסן,
אַז אונדזער פאָטערלאַנד איז היינט אין גרויסער נויט
צוליב דעם קריג, וואָס דער פאַררעטער עבערהאַרט
פאָן וויטענבערג האָט ווילד אַרויפגעצוואונגען
אויף אונדזער אימפעראַטאָר.

**מהר"ם**

זיין האהייט, האָף איך, ווייס געוויס,
אַז אַלע יידן טוען אַלץ נאָר וואָס זיי קאָנען
צו העלפן אונדזער אימפעראַטאָר.

**הערצאָג**

ס'איז ניט גענוג, ס'איז קריגסצייט, יודן־רב.

**מהר"ם**

מיר זיינען דאָך אַן אָרעמע קהילה, אייער האהייט.
מיר דאַרפן אויסהאַלטן אַ סך יתומים און אלמנות —

**הערצאָג**

איך גלויב אייך ניט. אַיעדערער פון אייך
איז אָנגעשטאָפּט מיט געלט. אַיעדערער פון אייך.
און אַלץ נאָר וואָס ביי אייך קומט פאָר איז מיר באַקאַנט.
איך גלויב אייך ניט. און זאָל דער יודן־רב
פאַרנעמען ריכטיק מיינע ווערטער: אַ באַפעל
איז אָנגעקומען היינט פון אונדזער אימפעראַטאָר,
אַז אַלע מאַינצער יודן זאָלן אין אַ חודש צייט
דער קעניגלעכער קאַסע צושטעלן מזומן פופציק טויזנט מאַרק.

**מהר"ם**

(אויפגעציטערט, שטעלט זיך אויף)

גאַנץ מאַינץ פאַרמאָגט אפילו ניט קיין העלפט
פון אָט דער מוראדיקער סומע, אייער האהייט.

**הערצאָג**

איר קאָנט זיך ווענדן צו די אַנדערע געמיינדעס אייערע
פון אונדזער קעניגרייך.

**מהר"ם**

אויך די זיינען ווי מיר, און אפשר מער נאָך, אָרעם.

**הערצאָג**

דער איינפלוס פון דעם יודן־רב אויף אַלע יודן
איז גרויס. זיין וואָרט קען אַלץ דערגרייכן.
דאָס ווייס דער אימפעראַטאָר און אויך איך.

**מהר"ם**

איך קען אַזוינס אויף זיך ניט נעמען.

**הערצאָג**

דאָס וואָרט „איך קען ניט" עקזיסטירט ניט
אין אימפעראַטאָרס גרויסער קעניגרייך. — — —
איך האָב געהערט, אַז צווישן מיינע יודן
צעוואַקסט זיך אַ פאַררעטערישער ווילן
אַוועקצוואַנדערן פון אונדזער לאַנד, אַפילו אַ שליח
איז שוין צו אייך געקומען, ווייס איך. — זאָג איך אייך,
אַז קיינער זאָל ניט וואַגן זיך פון אָרט צו רירן.
די היגע יודן זיינען מיינע. מיינע.
און אויך דער רב פון יודנגאַס געהערט צו מיר.

**מהר"ם**

כ'געהער, ווי אַלע ידן, צום באַשעפער פון דער וועלט
און מער צו קיינעם.

**הערצאָג**

שטיל זיך !

**מהר"ם**

כ'בין מערער נאָך ווי שטיל.

**הערצאָג**

וואָס מיינט דער יודן־רב ?

**מהר"ם**

(שווייגט)

**הערצאָג**

דער רב פון יודנגאַס שווייגט פרעך.



**מהר"ם**

זיין האָהייט האָט דעם אויסדרוק פרעך
געברויכט שוין איין מאָל פריער.

**הערצאָג**

ווייל אמת. — פרעך און ניט געהאָרכזאַם
איז יעדער יודע. — — דער באַפעל פון אונדזער אימפעראַטאָר
וועט מוזן זיין דערפילט. דער רב פון יודנגאַס
וועט דאַרפן צושטעלן דאָס גאַנצע געלט.

**מהר"ם**

דער רב פון יודנגאַס איז ניט קיין געלט־מינצער.

**הערצאָג**

איך וויל פון גאָרנישט וויסן, רב פון יודנגאַס. —
איך האָב ביי זיך אַ מאַן פון אייערע,
זאָל ער אייך געבן בעסער צו פאַרשטיין
די פולע סומע ווי אַזוי צו שאַפן. —

(ער עפנט אַ טיר, גיט אַ מאַך מיט דער האַנט. סיקומט אַריין קנופּ.
הערצאָג שטעלט פאָר)

קנופּ — רב פון יודנגאַס.

(צום ריטער)

דער רב פון יודנגאַס קוקט אויס די אויגן נאָך אַ ראָט.

(גייט אַרויס. מהר״ם, דערשטוינט, לאָזט אַרונטער דעם קאָפּ, פאַר־
דעקט מיט ביידע הענט די אויגן. עפנט ניט דאָס מויל.)

**קנופּ**

(נאָך אַ לאַנגן שווייגן)

וועל זאָגן גלייך דעם הערצאָג, אַז איר ווילט ניט רעדן.

**מהר"ם**

(זעצט זיך אַרונטער ווי צוזאַמענגעבראָכן. שווייגט)

**קנופּ**

אַ ריטער רעדט צו אייך,
אַ ריטער פון דעם אימפעראַטאָרס קעניגרייך,
אַ ריטער מיט אַ שווערד און פאַנצער.

**מהר"ם**

(קערט זיך אום צו קנופּן מיט דער פלייצע. שווייגט)

קנופּ

איך וועל אייך צווינגען אויפצועפּענען דאָס מויל,
איך וועל אייך צווינגען אויפצושטעלן זיך פאַר מיר. —
יאָ, יאָ — איך קען — און וועל — אייך צווינגען!
צי זעט איר ניט ווי ס'עפּענען זיך אויף פאַר מיר
די ברייטע טירן פונעם הערצאָגס פּאַלאַץ?
צי זעט איר ניט ווי כ'גיי צו גדולה?
איך וועל אייך אַלעמען נאָך זען ביי מיינע פיס.
יאָ, יאָ.

(גיט אַ געלויף איבער און שטעלט זיך אַנטקעגן דעם מהר"מס פּנים,
שרייט אַריין)

אַ שנאה ברענט אין מיר צו אייך,
אַ שנאה צו אייך אַלעמען!

מהר"ם

(דרייט זיך אַוועק מיטן פּנים אין אַ צווייטער זייט. שווייגט)

קנופּ

איר ווילט מיט מיר נאָך אַלץ ניט רעדן,
אַפילו ווען איר ווייסט אַז מיט מיין עצה
וואָלט איך געקאָנט אייך ברענגען הילף אין דער מינוט.
איר פירט נאָך אַלץ אַ חרם קעגן מיר.
און אפשר זיצט איר גאָר אויך איצט און שילט מיך,
אַ רבי שילט זיין תלמיד. יאָ, איך זע, איך זע;
פאַרוואָס? — דערפאַר ווייל כ'האָב געוואָלט אַביסל מער
ווי יעדערער פון אייך האָט אָפּגעמאַכט ביי זיך
אַז ס'קומט מיר. כ'האָב געוואָלט די טאָכטער אייערע
און עפּעס מערער נאָך דערצו. און איר און אַלע
געוואָרפן האָבן מיר אין פּנים נאָר בזיונות.
איר אַלע האָט געמיינט אַז קנופּ איז נאָר אַ נאַר,
אַ חסר דעה און ניט מער, אַ הפקר, אַן אַ היים —
ווייל קיינער ווייס ניט ווער זיין פאָטער איז געווען,
און קיינער ווייס ניט וואו זיין מוטער איז, —
און ער אַליין ווייס אויך ניט. יאָ, איר האָט געמיינט אַזוי.
און איצטער זעט איר דאָך שוין אַלע אייער טעות.
איר זעט דאָך שוין אַז איך בין קליגער פון אייך אַלעמען.
איך האָב געוואָלט דעם טעם פון זינד פאַרזוכן,
דעם זיסן, דעם געשמאַקן טעם פון רשעות;
געוואָלט — און אָט טאַקע פאַרזוכט. נו, אדרבה,



זאָל ווער פון אייך אַ צווייטער האָבן שכל
צו טועם זיין, ווי איך, דעם זיסן טעם פון רשעות! —
איך זאָג אייך, רבי, אַז ס'איז טעם גן־עדן.

(ער וואַרט אַז דורך זיינע אויפרייצנדיקע רייד זאָל מהר"ם עפּעס
זאָגן. אָבער מהר"ם זיצט ווי פריער מיט אַ פאַרדעקטן פּנים, מיט
דער פּלייצע צו קנופּן און שווייגט. קנופּ ווערט אויסער זיך)

איר שווייגט נאָך אַלץ. איר עפנט ניט דאָס מויל,
ווייל איר פאַרגינט מיר ניט דאָס גרויסע גליק.
יאָ, יאָ. איך זע עס און איך שפּיר עס.
ווייל איר האָט קיינער ניט קיין מוט דערצו,
און איך האָב יאָ. וואָס מער איר שווייגט,
וואָס מער איר ווילט מיך אָפּווישן מיט ביטול,
אַלץ מערער ווער איך שטאַרקער, און איך זאָג אייך:
דאָס גליק פון רשעות און אפילו פון רציחה,
די פרייד אפילו פון פאַרגיסן יידיש בלוט
מעג אויך אַ ייד אַמאָל פאַרזוכן.

(פּויזע)

יאָ. יאָ. פאַרוואָס זאָל אַזאַ גרויסע פרייד
געהערן נאָר צו עשון און ניט צו יעקבן?
פאַרוואָס זאָל אויך אַ ייד ניט האָבן די הנאה
פון נוקם זיין זיך אָן אַ צווייטן ייד
און אויך אָן גאַנצן פאָלק — למשל, אָט ווי איך? —
איך וואָרן אייך אַ צווייטן מאָל: אַ ריטער רעדט צו אייך —
אַ ריטער פון דעם אימפּעראַטאָרס קעניגרייך,
אַ ריטער מיט אַ שווערד און פּאַנצער.
דער הערצאָג וויל איך זאָל דעם יודן־רב
אַן עצה געבן ווי אַזוי צו שאַפן
דאָס געלט וואָס ווערט פאַרלאַנגט פון אייך.

מהר"ם

(זיצנדיק אָפּגעקערט פון קנופּן מיט דער פּלייצע, רעדט אַרויס
ענדלעך אַזוי ווי מיט אַ קול פון אַ ווייטער טיפעניש)

פאַרשאָלטן זיי אַ צווייטן מאָל לעולם ועד.
מיין קללה זאָל דיר נאָכגיין, ביז זי וועט
אַנידערוואַרפן דיך ווי אַ צעבראָכן שטיקל ליים.

(סיקומט אַריין דער הערצאָג)

**הערצאָג**

נו וואָס ?

**קנופּ**

(ווי סילשון וואָלט אים אָפּגענומען)

ער האָט מיך ווידער גאָר געשאָלטן !

**הערצאָג**

(מאַכט אַ צייכן אַז קנופּ זאָל אַרויסגיין. קנופּ אָפּ)

איך זע אַז מיין פאַרלאַנג איז ניט דערפילט געוואָרן.

**מהר"ם**

אַזאַ פאַ־לאַנג קען ניט דערפילט ווערן.

**הערצאָג**

דער רב פון יודנגאַס וועט מוזן איצט אַליין
געפינען וועגן ווי אַזוי צו אויספירן
דעם היילִיקן באַפעל פון אונדזער אימפּעראַטאָר.
איך זאָג : דער רב פון יודנגאַס וועט מוזן.
דער רב פון יודנגאַס וועט זיין פאַראַנטוואָרטלעך דערפאַר.
איך גיב דעם רב פון יודנגאַס פיר וואָכן צייט.
דער יודן־רב קאָן גיין איצט. גוטן טאָג.

(מהר"ם אַ שווייגנדיקער לאָזט זיך אַרויסגיין)





## בילד פיר

(אין חדר פון מהר"ם. די שויבן אויסגעבראָכן.)

**אסתר**

(ביים אויסגעבראָכענעם פענצטער)

מען דאַרף, בת שבע לעבן, נאָך אַ טוך
די שויבן צו פאַרשטאָפּן.

**בת שבע**

(אַ זקנה, דערלאַנגט אסתרן אַ טוך)

אָט האָסטו, אסתרלין.

**אסתר**

אַ שטורעם־רעגן קלייבט זיך דרויסן.
דעם גלעזער זעט מען נאָך ניט אַרום אונדז ?

**בת שבע**

ער איז נאָך אַלץ אין בית־המדרש, טאָכטער.
אויך דאָרט קיין גאַנצע שויב ניט איבערגעבליבן.
אַ בראָך זאָל אויף זיי קומען — אויף די רוצחים.

(ביידע אַרבעטן אַרום דעם פענצטער, דורך וואַנען עס רייסט
זיך אַ ווינט פון גאַס)

**אסתר**

אַזאַ מין קלאָגן פון אַ ווינט אין מיטן זומער.
וואָס זאָגט איר ניט צו דעם, בת שבע לעבן ? —

**בת שבע**

כ'זאָג גאָרנישט, אסתר קרוין, כ'זאָג גאָרנישט.
ווייל וואָס איז דאָ צו זאָגן ? —
אַז גאָט דער באַרעמהערציקער טוט טאָן זיין רצון —

**אסתר**

און שיקט אויף אונדז די מערדער אָן,
און ברעכט אַרויס די שויבן אונדזערע. —

**בת שבע**

(ליגט אַרויף איר האַנט אויף אסתרס ליפּן)

האַלט איך די ווערטער, אסתרלין.

**אסתר**

(מיט אומרו)

דער פאָטער איז נאָך אַלץ ניטאָ פון הערצאָג.

**בת שבע**

ער וועט, אם ירצה השם, באַלד קומען.

**אסתר**

אַזויפיל מאָל געבעטן אייך צו איבערלאָזן
די שווערע אַרבעטן אין שול און אין די שטובן
פאַר מיר און פאַר מיין שוועסטער. —

(וויל אַרויסנעמען פון איר האַנט די טיכער מיט וועלכע זי נעמט ווישן די דילן)

**בת שבע**

וואָס רעדסטו, האַרץ מיינס ?
צי טויג איך שוין ניט מער צו קיין מלאכה ?
אַ לעבן אָפּגעלעבט מיט אייך,
געלויבט השם יתברך פאַר דער זכיה.

**אסתר**

איך מיין, חלילה, ניט קיין שלעכטס.

**בת שבע**

ווי קאָנסטו מיינען שלעכטס, מיין אסתרלין ?
אַ טייערע, אַן אידעלע ווי דו. —
געראָטן אין דיין מוטער די צדיקת, עליה השלום.

**אסתר**

(מיט טרערן)

בת שבע, האָט רחמנות.

**בת שבע**

צי בין איך ניט אַליין געווען אַן עדות
ווי זי איז אומגעקומען מיט גאָטס נאָמען אויף די ליפּן ?
און אויך אַזוי די ברידער דיינע חיים און יהודה.
ס'איז היינט דאָך יאָרצייט, אסתרלין. פינף יאָר שוין
זינט יענע טעג פון גזר און קידוש השם.



**אסתר**

איך ווייס — איך ווייס.

(זי פאַלט צו צו דער אַלטער. בײדע וויינען. עס קומט אַריין די עלטערע שוועסטער רחל.)

**רחל**

נאָך אַלץ ניטאָ דער פאָטער.
כ'בין אומרואיק. — איר וויינט ?

**אסתר**

דער מוטערס יאָרצייט היינט — צי ווייסטו ניט ?

**רחל**

אוודאי ווייס איך.

(נעמט אויך שטיל וויינען)

**בת שבע**

פונדעסטוועגן פאַרגעסט ניט, קינדערלעך,
אַז מאָרגן, אם ירצה השם, איז ערב שבת,
איז דאַרף מען נעמען זיך געשמאַק צו דער מלאכה :
פאַר אַלע מאַנסלייט פרישע העמדער אויסוועלגערן,
און אויפראַמען די חדרים פון די ישיבה־בחורים.
דער שבת־קודש זאָל אונדז ניט פאַרשטערט זיין —
די רוצחים און דעם נאַר־משומד אויף להכעיס.

**אסתר**

דערמאָנט ניט דעם משומד, כ'בעט אייך.

**רחל**

ער דרייט זיך ווידער דאָ אַרום. ער לויערט.
דער מענטש מוז זיין משוגע אויף אַן אמת.

**אסתר**

גענוג צו רעדן וועגן אים. גענוג.
איך האָב אייך בילכערס וואָס צו זאָגן —

(מיט אויפרעגונג)

אַ סוף מוז נעמען צו דעם אַלעם.

**רחל**

וואָס מיינסטו, אסתרלין ?

**אסתר**

דער הייליקער שליח פון משיח צדקנו —

**רחל**

(אויפגערעגט)

אויך דו? — צי האָסטו ניט געהערט דעם פּאָטערס רייד?

**בת שבע**

און אפשר איז עס טאַקע אמת, קינדערלעך?
אַז אפשר איז משיח שוין געקומען טאַקע — — —

**אסתר**

כ'וויל גלויבן, גלויבן, אַז ער איז געקומען!
ווייל דאָ — וואָס האָבן מיר?
רציחות, חרפות, בלוט און פייער.
איך וואָלט די ערשטע זיין
דאָס רשעותדיקע היימלאַנד צו פאַרלאָזן.

**רחל**

פונדעסטוועגן פאַרפעלסטו ניט צו זאָגן היימלאַנד —

**אסתר**

אַ סוף — אַ סוף —
איך שפּיר דאָס אָנקומען פון נאָך מער גזר.

(עס דינען אַריינגעקומען אין דער צייט אַהאַספער און דניאל. די פרויען האָבן זיי ניט באַמערקט. די לעצטע ווערטער פון אסתרן דינען געזאָגט געוואָרן ווען די אורחים זיינען שוין אַריין)

**אַהאַספער**

דאָס אָנקומען פון נאָך מער גזר —
צו וואָס נביאות זאָגן שלעכטס אויף זיך אַליין?
ניט רעכט אַזוי — —
(די פרויען גאַפן פון שרעק)

**די פרויען**

ווער איז דאָ? אוי!

**אַהאַספער**

גאָט העלף.

**דניאל**

מיר זיינען אורחים.



**בת שבע**

אוי, קינדערלעך. — משונהדיקע ייִדן.
אַזאַ מין לאַטע אויפן אָרעם — זעט!
און אויך אַזאַ משונהדיקער הילוך.

**רחל**

פון וואַנען קומען ייִדן?

**אַהאַספער**

פון זייער וויט. — —

**דניאל**

און איך האָב אַנדערש אויסגעטייטשט די ווערטער,
וואָס עמיצער פון אייך האָט דאָ געזאָגט:
„דאָס אָנקומען פון נאָך מער גזר" —

**רחל**

וואָס מיינט דער אורח?

**דניאל**

דאָס מיינט:
דער גזר איז שוין געקומען.
געקומען. יאָ, געקומען.
צו וואָס נאָך האָבן ספקות?
צו וואָס נאָך וואַרטן?
איך קען פאָראויס אייך זאָגן וואָס עס וועט געשען.
איך קום פון דאַכאַו, פון זבאַנשין, פון מאַידאַנעק.

**אסתר**

פון וואַנען, זאָגט איר, קומט איר?

**דניאל**

(געקלעמט)

פון זייער וויט — פון וויטן שפּעטער.

**אהאספער**

(מיט געבייזער)

דניאל!

**דניאל**

איך מיין — איך קום פון וויטע לענדער,
און מיד בין איך אַזוי.
די וועגן אַלע זיינען שטויביק, זייער שטויביק.

און ס'איז אַזוי די טבע שוין פון פיס —
זיי ווערן מיד .

(צו אַהאַספער)

ניט אמת, זיידע?

**אהאספער**

אַודאי, אמת.

(צו די פרויען)

אַ דרך שוין אַזאַ ביי אים —
אַרויסצוכאַפּן זיך מיט ווערטער פאַר דער צייט.

**אסתר**

פאַר וועלכער צייט?

**אהאספער**

ניט נייטיק אָפּצושטעלן זיך אויף יעדעס וואָרט.
ניט אַלעמאָל איז צייט אַן ענין.

**בת שבע**

די אורחים זיינען הונגעריק געווים.

**רחל**

קומט, וואַשט אייך, וועט איר עפּעס עסן.

**אהאספער**

איך טראַכט: מיר זאָלן וואַרטן אויפן רב.

**רחל**

איר ווייסט דען וואו דער פאָטער איז?

**דניאל**

אוודאי ווייסן מיר. מיין האַרץ גייט ווידער אויס
צו זאָגן אייך אַז —

**רחל און אסתר**

(מיט שרעק)

וואָס ווייסט איר? — זאָגט.

**אהאספער**

ער מיינט, חלילה, ניט קיין זאַך.
מיר זיינען דאָ אין שטאָט פון אינדערפרי נאָך.
געזען דעם רב ווי שטאָלץ ער איז געגאַנגען
באַגלייט פון אַלעמען צום הערצאָגס פּאַלאַץ.



**אסתר**

נאָר עפּעס, זע איך דאָך, דערזאָגט איר ניט.

**דניאל**

מיר מוזן שטענדיק עפּעס ניט דערזאָגן, —
אַז ניט וואָלט ערגער נאָך געווען.

**אסתר**

איר וואַרפט אויף אונדז אַ פּחד אָן.

**אהאספער**

צו פּחד דאַרפן ייִדן זיין געוואוינט.

**דניאל**

(צו אסתר)

און איך וואָלט זייער שטאַרק געוואָלט
די אויגן אייערע באַפרייען פון אומזיסטן פּחד.
די אויגן אייערע געפעלן מיר.
זיי קוקן אַזוי אומעטיק און שאַרף,
און ליכטיק אומעטיק אַזוי.
די אויגן אייערע דערוואַרעמען מיין האַרץ.
איך קען זיי שוין פון לאַנג, פון לאַנג.
די אויגן אייערע געפעלן מיר.

**בת שבע**

אוי וויי, וואָס רעדט דער אורח?
וואָס רעדט ער, אסתרלין?
אַוווינס צו ברענגען פאַרן מויל ביים רב אין שטוב.

**דניאל**

ניט נעמט פאַר אומגוט, כ'בעט אייך,
די אומגעריכטע ווערטער מיינע.

**אַהאַספער**

אָט קומט דער רב.

(עס קומט אַריין מהר"ם מיט די מערסטע פון זיינע באַגלייטער.
די טעכטער, ניט דרייסט, ניט אויסמישנדיק זיך מיטן עולם,
שטרעקן זייערע הענט צום פאָטער. אַהאַספער און דניאל פאַר־
טושירן זיך צווישן עולם, פאַרשאָטענען זיך אַהינטערן שראַנק
מיט ספרים.)

**ביידע טעכטער**

אַ פאָטער לעבן, פאָטער לעבן.

**מהר"ם**

ניט וויינען, קינדער מיינע. נאָר ניט וויינען.
דער בורא עולם טוט ניט אָפּ פון אונדז זיין חסד.
איך בעט אייך, גייט צו זיך.

(די טעכטער און בת שבע גייען שטיל אַרויס. מהר״ם גייט אָפּ פון עולם, שטעלט זיך מיטן קאָפּ אָנגעלענט אָן זיין שטענדער אויף וועלכן עס ליגן ספרים און מגילות. אַ שווערער טרויער וויעט פון אים. צווישן עולם אַ פּיינלעכע שטילקייט. מהר״ם פאַרדעקט זיין פּנים מיט די הענט, דאָס פאַרשטאַרקט נאָך מער די פּיין פון אַלעמען.)

**ראש הקהל**

(מיט אַ ציטעריק קול רייסט איבער די שטילקייט)

איז וואָס באַטייט דאָס שווייגן וואָס דער רבי שוויגט ?

**שמשון**

רבי !

**אשר**

צי ניט אַ נייער גזר, חלילה ?

**חיים**

מיר ווילן וויסן, רבי.

**מהר"ם**

דער הערצאָג וויל פון אונדז, רבותי,
פון אונדזער אָרעמער און קליינער קהילה,
אַן אָפּצאָל פופציק טויזנט מאַרק במזומן.

**אַלע**

(אין שטוינונג)

ווי איז עס מעגלעך, רבי ?

**ראש הקהל**

פאַרוואָס פאַרלאַנגט ער עס ?

**מהר"ם**

וואָס הייסט, פאַרוואָס ?
צי איר זאָלט פרעגן אַזאַ שאלה גאָר.
אַ הערצאָג דאַרף ניט האָבן קיין פאַרוואָס,
אַזוי ווי דאָס באַדאַרף אויך ניט דער גזלן



וואָס מאַכט אין מיטן נאַכט אַן אָנפאַל. — — — —
אין משך פון אַ חודש צייט, — האָט ער געזאָגט.

(פויזע)

איך וויל אייך פרעגן, ראש הקהל, זאָגט מיר :
צי קאָנען מיר אים צושטעלן אַזויפיל געלט ?

**ראש הקהל**

גאַנץ מאַינץ פאַרמאָגט עס ניט.

**חיים בן מכיר**

ניט פאָלגן. ניט געבן אים קיין פּרוטה.
און זאָל ער אונדז אַרויסטרייבן פון מאַינץ.
מיר וועלן אַלע גיין צו אונדזער ארץ הקדושה.

**מהר"ם**

צי קאָנען אַלע יידן גיין קיין ארץ־ישראל, חיים ?

**חיים**

אַזויפיל וויפל ס'קאָנען זאָלן גיין.

**מהר"ם**

און די וואָס קאָנען ניט ?

**אשר**

און דאָס איז דאָך דאָס רוב.

**מהר"ם**

כ'וויל הערן טאַקע, אשר, — ווי איז לפי דעתך ?

**אשר**

אַז ציון ליגט דאָך חרוב, רבי,
דערצו — אין פרעמדע הענט,
און מאַכטלאָז זיינען מיר,
און אַלע שליחים מיט משיח־בשורות
זיינען שליחי־שקר, —
דער רבי ווייס דאָך עס נאָך מער ווי איך,
דעריבער איז פון דעם גערדרונגען, רבי,
אַז ס'בלייבט אונדז איבער נאָר איין זאַך :
סבלנות.

**חיים**

דער הערצאָג וויל דאָך אָבער עפּעס מערער פון סבלנות. —
צי ווייס ר' אשר וואו צו נעמען אַזאַ סומע ?

**אשר**

לעת עתה ווייס איך ניט.

**מהר״ם**

(נאָך אַ לאַנגער פויזע. נידערגעשלאָגן)

איך בעט איך — לאָזט מיך זיין אַליין אַ רגע.
כ'בין מיד אַ ביסל.

(אַלע גייען אַרויס, אַ חוץ אַהאַספער און דניאל. די בלייבן פאַר־רוקט אין שאָטנדיקן ווינקל. מען זעט זיי ניט. מהר״ם שטייט איבערן שטענדער, פאַרזונקען אין מחשבות. ער נעמט אַזוי ווי תפילה טאָן).

אָ, בורא עולם, וואָס איז דיין כוונה ?
אַז ידן זיינען ערב איינער פאַרן צווייטן,
ווייל כל ישראל ערבים זה בזה —
איז מיינט דאָך כל ישראל — אַלע ידן, אַלע.
איז ווי זשע שיקט זיך עס אַז איינער נאָר זאָל ערב זיין ?
בין איך דער איינער ? — ענטפער מיר. אָ ענטפער מיר.

(פויזע)

דער טויט פון מיינע זין און פון מיין ווייב עליהם השלום —
אין גן עדן זאָלן רוען זייערע נשמות —
באַוויליקט האָסטו ווי דעם טויט פון הונדערטער,
פון טויזנטער אַזוינע אומגעקומענע אין כבוד פון דיין נאָמען. —
און ווען די אויגן מיינע האָבן צוגעזען,
ווי הענט פון רוצחים וואַרפן דיינע ספרי־תורות
אין מיטן מאַרק אין שייטער־פלאַם אַריין,
בין איך דערביי געשטאַנען און געריסן קריעה,
אין פייער אָבער בין איך ניט אַריינגעשפרונגען
פאַרברענט צו ווערן אינעם פלאַם מיט זיי צוזאַמען. —
דער־ביבער פרעג איך דיך : פאַרוואָס האָסטו מיך היינט
גאָר אויסדערוויילט צו זיין דער ערב פאַר ישראל —
מיך — דעם זינדיקן, דעם אַלטן און דעם שוואַכן ?
אָ זאָג מיר, וואָס זאָל זיין מיין עצה צו ישראל ?
אַז שטעלן זיך מיט כוח קעגן שונא קאָן ער ניט,
ווייל שוואַך איז ער און אויסגעצערט פון פיין,
און מאַכטלאָז איז זיין האַנט און ניט באַוואָפנט. —
אָ זאָג מיר, ווי זאָל זיין מיין דרך ווייטער ?

(שטרעקט אויס זיינע הענט)



נאָר לייגן זיך איינגאַנצן צו דעם הערצאָגס פיס,
אין מיאוסער הכנעה קושן זיינע טריט,
און ס'לעצטע ביסל האָב און גוטס אונדזערס
אוועקגעבן אין זיין רשות אויף מאָרד און רשעות —
דאָס קאָן איך דאָך אוודאי ניט. — דאָס וויל איך ניט.

(מיט געשריי)

דאָס וויל איך ניט !

(פויזע)

אָ זאָג, פאַרוואָס האָסטו אַרויפגעלייגט אויף מיר
אַזאַ מין שליחות ?

(פאַלט צו מיטן קאָפּ פאַרזונקען אין טרויער)

**אַהאַספער**

איך בין דער
וואָס האָט אַרויפגעלייגט אויף איך די שליחות.

**דניאל**

און איך — דער לעבעדיקער עדות.

**מהר״ם**

(ווי אין אַ כישוף־חלום)

איר גייט מיר נאָך. איר זענט פאַרשטעלטע.
איר זיצט אַהינטער מיר ביי מיר אין חדר.
איר הערט זיך צו צו מיינע ווערטער און מחשבות.

**אַהאַספער**

מיר הערן אויך דעם רביס תפילות.

**דניאל**

און אויב מען וועט איך וועלן צונעמען פון דאַנען,
אַריינזעצן אין תפיסה — גייט ניט.
אַנטלויפט וואָס גיכער.

**אַהאַספער**

פאַרוואָס עפּעס אַנטלויפן גאָר ? פאַרוואָס ?
אַ ייד אַנטלויפט ניט פון זיין גורל.

**דניאל**

און איך זאָג : רבי, איילט זיך צו, אַנטלויפט.

**אַהאַספער**

וואָס איז מיט דיר ? וואָס רעדסטו מיר אַנטקעגן ? —

**דניאל**

כ'וויל וואָרענען דעם רבין, ראַטעווען.

(צו מהר״ם)

איך זאָג אייך נאָך אַמאָל — אַנטלויפט.

**אַהאַספער**

און איך זאָג נאָך אַמאָל: אַ ייד אַנטלויפט ניט,
ווייל ייד איז אייביקער פון תפיסה.

**דניאל**

איז זאָג איך נאָך אַמאָל: אַנטלויפט! אַנטלויפט!

**אַהאַספער**

דו רעדסט מיר צופיל שוין אַנטקעגן. —
קום שוין אַרויס פון דאַנען.

(ער ציט דניאלן פאַר אַ האַנט. שלייכן זיך שנעל אַרויס. מהר״ם
גיט זיך אַ כאַפּ אַזוי ווי פון אַ שלאָף)

**מהר״ם**

ווער איז דאָ? אוי ווי.

(קוקט זיך אַרום. רופט)

משה לעבן!

(עס קומט אַריין משה שמש)

צי האָסטו ניט געזען אַרויסגיין עמיצן פון דאַנען?

**שמש**

ניין, רבי.

**מהר״ם**

איך בעט דיך — רוף אַריין מיין אײדעם און די טעכטער.

(שמש וויל גיין, מהר״ם פאַרהאַלט אים)

איך וויל דיך עפּעס פרעגן, משה, זאָג מיר:
צי דו האָסט אויך אמונה אין די רייד פון דעם שליח?

**שמש**

ער קומט, זאָגט ער, פון אונדזער ארץ הקדושה.

**מהר״ם**

לכן?



**שמש**

(דערשראָקן)

דער רבי וויל מיך אויספּרובירן.

**מהר״ם**

חלילה, חלילה.

**שמש**

איך הער — ניט ווייניק ידן ווילן גיין מיטן שליח.

**מהר״ם**

און דו?

**שמש**

אַז ווען דער רבי וואָלט געגאַנגען וואָלט איך אויך —

**מהר״ם**

פאַרלאָזן מאַינץ און די ישיבה?

**שמש**

איך ווייס ניט, רבי, — אָבער אַלע זאָגן
אַז ס'קומט אַ נייער גזר —

**מהר״ם**

אַז אַלע וועלן זיך אַרויסדרייען פון גזר,
איז ווער וועט גיין אויף קידוש השם?

**שמש**

אַ שווערע קשיה פרעגט ביי מיר דער רבי.
דער רבי וואָלט באַדאַרפט עס פרעגן ביי ר' אשרן.

**מהר״ם**

צי אשר מיינסטו האָט אויף אַלץ אַ תשובה?

**שמש**

ר' אשר איז דעם רבינס בעסטער תלמיד;
אַ גאון, זאָגט דער רבי —

**מהר״ם**

אַ גרויסער גאון, משה. — — ביסט גערעכט.
גיי שיק אים מיר אַריין; נאָר פריער
זאָג שלמהן און די קינדער אַז איך וויל זיי זען.

**שמש**

(אָפּ. עס קומען אַריין רחל, אסתר און שלמה הלוי, אויפגערעגטע.
מער פון אַלעמען איז אויפגערעגט אסתר.)

**אסתּר**

(האַלב גשוויין, האַלב אויסגעשריי)

אַ פּאָטער לעבן!

**מהר"ם**

נאָר ניט וויינען, קינדער מיינע.

**רחל**

ס'איז היינט דאָך יאָרצייט, פּאָטער —

**מהר"ם**

איך ווייס, רחלין.

**אסתּר**

און איך זאָג, פּאָטער, לאָמיר שוין אַוועק פון מאַינץ!

**שלמה הלוי**

אַ ווילדע און אַ שרעקלעכע מחשבה.

**אסתּר**

דער שוואָגער, זע איך, איז אויף מיר אין כעס.

**שלמה**

ניט רעכט אינגאַנצן פאַר אַ פּרויענצימער
אַריינצוקומען אין אַ שול צווישן מאַנסלייט
און רעדן רייד אַזוינע.

**מהר"ם**

וואָס האָט זי גערעדט?

**שלמה**

סכנהדיקע רייד אַנטקעגן הערצאָג,
און אויך אַנטקעגן אימפּעראַטאָר.
חלילה ווען דער הערצאָג זאָל דערוויסן זיך —

**אסתּר**

איך האָב קיין מורא ניט.
גענוג געווען צו חרפּה און צו הפקר. —
כ'וועל רופן און ניט אויפהערן צו רופן:
זאָל יעדער ווער עס קאָן פאַרלאָזן דייטשלאַנד,
דאָס לאַנד וואָס ווערט פאַר אונדז פון טאָג צו טאָג
אַ בלוטלאַנד, ניט קיין היימלאַנד.

**שלמה**

און די ישיבה, אסתּרלין?



ערשט צוגעבויט אַ שטוב פאַר נייע לערנער,
אַריינגעשטעלט נאָך בעטן, טישן, בענק.

**אסתּר**

ליגט צו צו זיי אַ ליכט און צינדט זיי אָן;
אַז ניט — וועלן די ריטער־הינט דאָס טאָן.

**רחל**

דער פּאָטער האָט גרויס צער פון דיינע רייד.

**אסתּר**

איך שפּיר אַז ס'קומט אָן אומגליק.

(נענטער צום פּאָטער)

צי זעט איר אַלע ניט אַז ס'קומט דער סוף —
צו אַלץ, צו אַלץ. און מערער נאָך —
צו אונדזער אַלעמענס געדולד.

(מיט געיאָמער)

איך וויל ניט דולדן מער. איך קען ניט.

**מהר"ם**

(גייט צו צו איר, נעמט די אָן שטרענג פאַר אַ האַנט, קוקט אין
אירע אויגן אַריין מיט שאַרפע בליקן)

הער אויף צו וויינען, אסתּרלין.

(פּויזע)

אַ ייד דאַרף אָננעמען באהבה די יסורים זיינע —
צי ווייסטו ניט דערפון?

**רחל**

דער פּאָטער האָט מיט אונדז אַזויפיל מאָל
געלערנט וועגן דעם.

**אסתּר**

און אויב דאָס זיינען גאָר יסורים לבטלה?
אַ וואָרעם האָט דאָך אויך יסורים אַז מען טרעט אויף אים.

**מהר"ם**

צי איז פון דאַנען ניט גערדרונגען, אסתּרלין,
אַז אויך יסורים פון אַ וואָרעם זיינען הייליק?

**אסתּר**

איך וויל ניט די יסורים!

(לויפט אַרויס מיט פֿאַרשטיקטן געוויין. רחל נאָך איר. פֿון דרויסן הערט מען אַ שטורעם־רעגן קלאַפּן. די פֿאַרשטאָפּטע שויבן פּלאַטשערן)

**מהר"ם**

צי וועט דער גלעזער היינט נאָך קומען, שלמה?

**שלמה**

אם ירצה השם.
עס זיינען אָנגעקומען זייער אַ סך שאלות
פֿון רעגענסבורג, פֿון שפּייער, פֿון קאָנסטאַנצאַ.

**מהר"ם**

טאָ זיי זשע מוחל — רוף מיר אשרן אַריין.
איך דאַרף אים נייטיק.

(שלמה אָפּ. אַ לאַנגע פּויזע. מהר"ם שטייט אין אַ וואַרטנדיקער פּאָזע. זיין פּנים אָנגעשטרענגט צו דער טיר. עס קומט אַריין אשר, אַ דורכגענעצטער פֿון רעגן, אַ דורכגעציטערטער. מהר"ם אַנטקעגן אים מיט אויסגעשטרעקטע הענט)

איך וואַרט דאָך שוין אויף דיר, דו זאָלסט מיר העלפֿן
צו געבן תשובות ריכטיקע אויף שאלות;

(פֿאַרהאַקט זיך)

און יאָ — — — איך דאַרף אַליין פֿאַר זיך אַן עצה. — — —
אוי זע, ביסט דורכגענעצט אַזוי און דורכגעציטערט.
וואו ביסטו געווען?

**אשר**

(פֿאַרחושט)

אין שטורעם־רעגן, רבי.

**מהר"ם**

(חידושדיק)

זעסט אויס דערשראָקן, —
איז עפּעס שלעכטס מיט דיר געשען, חלילה?

**אשר**

איך זיץ אין שול איבער אַ ספֿר,
און פּלוצלונג הער איך ווי אַ קול וואָלט מיך גערופֿן
פֿון בית־המדרש אין דעם שטורעמדיקן דרויסן;
איך גיי אַרויס. דער רעגן שמייסט אין פּנים

און ציט מיך ווייטער און נאָך ווייטער.



**מהר"ם**

וואוהין? נאָך וואָס?

**אשר**

אַדורכצוטראַכטן ביזן סוף
דעם רעיון וועגן ביאת המשיח.

**מהר"ם**

(געפּלעפּט)

משמעות אַז אויך דיך האָט דער שליח שוין
פֿאַרכאַפּט מיט זיינע פֿאַלשע בשורות.

**אשר**

דער הערצאָג מער ווי דער שליח.

**מהר"ם**

דהיינו?

**אשר**

ווייל נאָר אין אמתע משיחס צייטן קאָן געמאָלט זיין
מען זאָל פֿון אונדז אכזריותדיק פֿאַרלאַנגען
אַזוינס וואָס ס'איז ניט מעגלעך צו מקיים זיין.
איז דאָס אַ סימן אַז מיר טאָרן מער ניט וואַרטן.

**מהר"ם**

ניט וואַרטן? — דו, דער סבלן, זאָלסט עס זאָגן?
צי האָסטו דורכגעטראַכט דעם רעיון ביזן סוף?

**אשר**

מיין רעיון איצטער איז — מיר זאָלן גיי'ך
פֿאַרלאָזן דייטשלאַנד —

**מהר"ם**

דאָס זעלבע טענהט דאָך אויך אסתרלין —

**אשר**

(מיט קענטיקן פּחד)

איך האָב דערוואוסט זיך, רבי, אַז דער הערצאָג
וועט מאָרגן־איבערמאָרגן אייך אַריינזעצן אין תפֿיסה.

**מהר"ם**

אין תפֿיסה?

**אשר**

יאָ. — כדי דורך דעם
אַרויסצופּרעסן פון די ייִדן ס'געלט וואָס ער פאַרלאַנגט.
דער הערצאָג ווייס ווי גרויס עס איז ביי ייִדן
די הייליקייט פון פּדיון שבויים.

**מהר״ם**

דאָס איינגעשטעלטע אויסלייז־געלט פאַר אַ געפאַנגענעם
איז דאָך ניט מער ווי פינעף הונדערט מאַרק.

**אשר**

פאַר אייך וועט ער פאַרלאַנגען וויפל ער וועט וועלן. —
ער ווייס ווי טייער איר זענט אונדז.

**מהר״ם**

פון וואַנען איז צו דיר דערגאַנגען די ידיעה?

**אשר**

ניט ווייט פון שול האָב איך דערזען
אין שטורעם־רעגן קנופּן —

**מהר״ם**

גערעדט מיט אים?

**אשר**

געוואָלט פאַרבייגיין דעם משומד, אָבער ער
איז צוגעשפּרונגען מיטאַמאָל צו מיר, און האַסטיק
אַריינגעשריגן מיר אין פּנים: זאָג דעם רב
ער זאָל אויף גיך פאַרלאָזן מאַינץ,
ווייל מאָרגן־איבערמאָרגן וועט דער הערצאָג אים
אַריינזעצן אין תּפיסה. — רבי, איר וואָלט זען
ווי ס'האָבן אים געקלאַפּט די ציין פאַר שרעק.

**מהר״ם**

צי זאָלן מיר אים גלויבן?

**אשר**

איך האָב געפילט אַן אמת אין זיין ריידן.

(ווי די ריידן אַזוי עפנט זיך די טיר און סישלייכט זיך אַריין
קנופּ. מהר״ם און אשר, דערשטוינטע, קוקן אים אָן. ער איז
דורכגענעצט און דורכגעציטערט)



**קנופּ**

איך וועל אייך גאָרנישט טאָן. אַ שרעקט זיך ניט!

**אשר**

ווי אַזוי ביסטו אַריין אַהער?

**קנופּ**

זיך דורכגעשלייכט, זיך דורכגעגנבעט —
און קיינער האָט מיך ניט געזען.

**מהר״ם**

(קערט זיך אָפּ, שטעלט זיך מיט דער פּלייצע צו אים)

**קנופּ**

דער רבי וויל אויף מיר אפילו ניט אַ קוק טאָן.

**אשר**

וואָס דאַרפסטו דאָ?

**קנופּ**

איך ווייס ניט.

**אשר**

ווילסט תשובה טאָן?

**קנופּ**

חלילה.

**אשר**

איז וואָס זשע ווילסטו?

**קנופּ**

איר זאָלט ניט צווייפלען אַז איך האָב געזאָגט אַן אמת.
דערפאַר בין איך אַריינגעקומען.

**אשר**

ווילסט ראַטעווען דעם רבין?

**קנופּ**

אוודאי וויל איך ראַטעווען דעם רבין.
דער רבי זאָל נאָך היינט פאַרלאָזן מאַינץ.

**אשר**

צי ווילסטו ניט אַמאָל אַריינגאַרן דעם רבין אין אַ נעץ?

קנופ

(אַלע זיינע אברים פיבערן)

איך האָב אַליין געהערט דעם הערצאָגס גזר־באַפעל
דעם יודן־רב אַריינצוואַרפן אין אַ תפיסה.
איך זאָג אייך, רבי, גלייבט מיר.

מהר"ם

(מיט דער פּלייצע צו אים)

צי איז עס ניט געווען צומאָל דיין אייגענע עצה
אַריינצוואַרפן מיך אין תפיסה?

קנופ

צי יאָ, צי ניין — איז איצט קיין חילוק ניט.
איר זעט דאָך אָבער, אַז איך שטעל וואָס איך
מיט דעם וואָס כ'קום אייך וואָרענען באַצייטנס.
איך וויל דער רבי זאָל מיר דאָס מאָל גלייבן.

(וויל נעמען אַרויסגיין און קערט זיך צוריק)

איך וויל ניט לייקענען: דער רבי האָט, געטראָפן.
דעם פּלאַן אַריינצוזעצן אים אין תפיסה
האָב איך טאַקע אַליין געגעבן.

מהר"ם

פאַרלאָז מיין חדר!

קנופ

ס'איז גוט אין רבים חדר.

אשר

וואָס טוט זיך דאָ?

קנופ

וואָס זאָל זיך טאָן? איך זאָג אייך אויס:
ניט איין מאָל גיט עס מיך אַ צי אַהער.
אַזוי געשמאַק צו זיין דאָ.

אשר

ווער נויט דיך, אויב אַזוי, צו זינדיקן,
צו זיין אַ רשע און אַ מסור?
טו תשובה, קער זיך אום צוריק.



קנופ

אויף אַלעמאָל? — אַ ניין. דאָס וויל איך ניט.
כ'וויל האָבן ביידע זכיות:
צו זיין אי ייד, אי ניט־ייד,
צו זיין אי דאָ, אי דאָרטן.
דערגרייכן עס מיט גוטן קען איך ניט,
דערגרייך איך עס דורך רשעות,
און ס'אַרט מיך ניט אַפילו אויב דורך מאָרד.

אשר

ער טרייבט נאָך שפּאַס — דער חכם!

קנופ

צי זעסטו ניט אַז מיינע ליפּן פיבערן
און ס'האַרץ אין מיר ווערט אויפגעריסן? —

(צעלאַכט זיך ווילד)

יאָ, יאָ, איך שפּאַס, איך טרייב לצנות.

(האַסטיק צו מהר"ם)

איך האָב אייך פיינט און ליב, — איר הערט?
אי פיינט, אי ליב. אַ ניכפּה אויף אייך אַלעמען.
אַ ניכפּה אויך אויף מיר.
וואָס שטעלט דער יודן־רב מיר אויס זיין קרומע פּלייצע?
איך הייס דעם יודן־רב זיין מילד צו מיר. —
אַז ניט, וועל איך אייך ביידן דאָ דערמאָרדן!

(כאַפּט אַרויס זיין שווערד פון שייד. אין דעם קומען שנעל אַריין אַהאַספער און דניאל)

דניאל

(כאַפּט אָן קנופּן פאַרן האַנט)

וואָס ווילט איר טאָן?

אַהאַספער

ניט ריר אים אָן — דעם שוטה דעם פאַרשאָלטענעם,
ניט אים און ניט זיין שווערד.
אָט זעסט דאָך ווי זי פאַלט אַליין אַרונטער.

(קנופּס הענט מיט דער שווערד לאָזן זיך אַרונטער צו דער ערד)

קנופ

שוין ס'צווייטע מאָל היינט אַז מיך האַנט
ווערט אָפּגענומען. — זאָג, ווער ביסטו?

**אַהאַספּער**
אַרויס פון דאַנען!

**קנוּפּ**

(לאָזט זיך מיט פּחד צו דער טיר)

**אַהאַספּער**
קום, דניאל,
מיר וועלן אים אַרויסבאַגלייטן.

(צו מהר״ים און אשר, גייענדיק צו דער טיר)

און איר, ר׳ מאיר ב״ר ברוך,
און איר, ר׳ אשר ב״ר שלמה,
טוט ווייטער וואָס ס׳איז נייטיק נאָך צו טאָן,
טוט ווייטער, ווי ס׳איז אָנגעחתמעט.





## בילד פינף

(אַן אכסניה ביי דער גרענעץ. טיף אין דער נאַכט. איבער אַ גרויסן חדר, אויף בענק און איבערן דיל, ליגן אויסגעלייגט יידן, פרויען, קינדער. זיי דינען אויפגערודערט געוואָרן דורכן רוף פונעם שליח, און געלאָזט זיך אין וועג אַריין קיין ארץ־ישראל. זיי וואַרטן אויף דער שעת־הכושר איבערצוגיין די דייטשישע גרענעץ. אויך דניאל און אַהאַספּער דינען דאָ. אַלע וואַרטן אויפן אָנקומען פון מהר״ים.)

**שליח**

(וויגט זיך אַרום מיט התפעלות)

בטחון איז אמונה,
אמונה איז גאולה,
גאולה איז שמחה;
האָט, יידן, אמונה
אין ביאת המשיח.

**שטימען**
מיר האָבן אמונה,
מיר וואַרטן בלב ונפש
צו גיין פון דאַנען ווייטער
צו אונדזער ארץ הקדושה.

**אַ זקן**
ווען חס וחלילה ניט —
צי וואָלטן מיר דען איבערגעלאָזט אונדזערע היימען
צו גיין נאָכן רוף פונעם הייליקן שליח?

**שליח**
איך הער דאָך אָבער אייניקע וויינען.

**צווייטער זקן**
און אַז וויינען איז וואָס?
אַ יידיש האַרץ קאָן ניט אויסקומען אָן וויינען.
דער הייליקער שליח זאָל וויסן,

אַז כ'וואָלט געגאַנגען קיין ארץ־ישראל
אפילו ווען ניט גערופענערהייט,
וואָרעם — ווײ געשריען, ווײ געשריען!
וואָרעם באו מים עד נפש.
די יסורים צעברעכן מיך,
די כוחות גייען מיר אויס.

(זיין קול גייט איבער אין אַ שטיל געוויין)

**אַ פרוי**

מיין קינד איז איינגעשלאָפן. וועקט עס מיר ניט אויף.

**דניאל**

אויך איך וואָלט איך געבעטן: — וויינט ניט.

**שליח**

די שעה פון גאולה איז נאָענט.
אם ירצה השם מאָרגן וועלן מיר גיין צו דער גרענעץ.

(דאָס געוויין ווערט ניט איינגעשטילט)

**דניאל**

אַז איר וויינט —
וואָלט איך אוודאי באַדאַרפט וויינען.

**צווייטער זקן**

פאַרוואָס אוודאי?

**אַהאַספער**

ער מיינט, חלילה, גאָרניט.

**שליח**

בהן שלי אַז איך האָב איך געזען אין מאַינץ.

**אַהאַספער**

ווייל אומעטום וואו ידן — דאָרט זעט מען אונדז.

**דניאל**

מיר קומען טאַקע פון מאַינץ און — פון נאָך ערטער.
אַ ווי דערלעב איך שוין, ווי דערלעב איך שוין
ניט צו דאַרפן וואַנדערן נאָך אַמאָל
דורך אַזויפיל לענדער,
דורך אַזויפיל יאָרהונדערטער.
אַ ווי דערלעב איך שוין



אַרויפצושטעלן מיין פוס
אויף אונדזער צוגעזאָגטן לאַנד
באַצייטנס.

**ערשטער זקן**

וואָס זיינען עס פאַראַ רייד?

**צווייטער זקן**

וואָס מיינט ער — יאָרהונדערטער?
וואָס מיינט ער?

**דניאל**

אָ גאָט, מיין גאָט,
ביז וואַנען וועסטו פייניקן מיין האַרץ
מיט דער זעאונג פון מיין לאַנד,
וואָס איז ווייט און פאַרבאָטן;
מיט דער זעאונג פון אַ וועג,
וואָס פאַרהאַלט זיך ביי אַ גרענעץ;
מיט דער זעאונג פון אַ וועג,
וואָס דערפירט ניט?

**שליח**

ניט רעכט אַזוי צו רעדן.

**אַהאַספער**

עס מאַכט ניט, לאָזט אים.
זיין זכיה אַזאַ:
צו אויסטרויערן באַצייטנס אַלע טרויערס,
צו אויסלײדן פאָראויס אַלע ליידן.
אַז איינער שעפּט דעם גאַנצן טרויער אויס באַצייטנס —
ווערן אַלע שמחות פריי אויף לאַנגע דורות.
איר פאַרשטייט — אַ זכיה אַזאַ.

**דניאל**

אַ זכיה אַזאַ האָט יעדער אין ישראל,
צי ער ליגט ווי אַ לאָם געבונדן,
צי ער ליגט אַ פאַרמשפטער אונטער אַ שווערד,
צי גאָר אויף אַ דיל אין אַ גאַז־קאַמער —
ערגעץ דאָרט אין טרעבלינקע.

**שטימען**

אויף וואָס איז ער מרמז?
טרעבלינקע — וואָס מיינט עס?

**שליח**

ס'איז אַלץ אין דרך — איך זאָג אייך.
יעדעס וואָרט — אַ רמז אויף גאולה,
מחמת צער איז אַ רמז אויף שמחה,
מחמת שווערד איז אַ רמז אויף שלום.

**פרוי**

פאַרוואָס גייט מען ניט צו דער גרענעץ?
שוין העכער אַ וואָך אַז איך וואַלגער מיך אַרום
צוזאַמען מיט מיין קינד אין דער שמוציגער אכסניה.

**ערשטער זקן**

מיר וואַרטן דאָך אַלע אויפן מנהיג הדור,
אויף ר' מאיר פון רוטענבערג —
צי ווייסטו ניט, טאָכטער פון ישראל?

**פרוי**

אודאי ווייס איך, אודאי. אָבער איך פרעג דאָך:
פאַרוואָס נעמט עס אַזוי לאַנג?

(צו איר קינד פאַרוויגנדיק)

שלאָף, מיין קינד, שלאָף,
די מאַמע וועט דיך נעמען צו דער גרענעץ —
צו דער גרענעץ — אַלע־ליו;
ירושלים הקדושה וואַרט אויף אונדז,
דער מלך המשיח וואַרט אויף אונדז
אויף יענער זייט גרענעץ — אַלע־ליו.

**שליח**

דער הייליקער ר' מאיר וועט קומען באַלד.

**דניאל**

אודאי וועט ער קומען. ער מוז.
און ס'האַרץ אין מיר פאַרגייט אין בענקשאַפט
צו וואָרענען אים מיט אַ וואָרט כאָטש
וועגן דעם וואָס אים דערוואַרט.

**אַהאַספער**

דו טאָרסט ניט.

**דניאל**

(מיט אומגעדולד)

איך קען ניט שוויגן מער. איך קען ניט!



**אַהאַספער**

דו מוזט.

**דניאל**

צי מעג איך כאָטש דערציילן אַ מעשה?

**אַהאַספער**

וואָס ווילסטו דערציילן?

**דניאל**

אַ ווייסע, אַ כשרע טויב איז געפלויגן
אין פיסק אַריין גלייך פון אַ פינצטערן רויב־פויגל.
דער רויב־פויגל לויערט, לויערט.
אַ צושוויער זעט עס צו.
ער זעט עס צו און שוויגט.
אוי ווי, אוי ווי — ער שוויגט.

**פון עולם**

וואָס רעדט ער מיט משלים?
אַזוינע מאָדנע ווערטער:
טרעבלינקע, גאַז־קאַמער. — —
ער וואַרפט אַ פחד אָן אויף אונדז.

**אַהאַספער**

(מיט כעס)

איך זע — ס'איז שלעכט מיט דיר,
די אומגעדולד האָט ווידער דיך אַריינגעכאַפּט
נאָך ערגער ווי אַ רויב־פויגל אין פיסק אַריין.
קום שוין אַרויס פון דאַנען.

(ער נעמט ציען דניאלן פאַר אַ האַנט. אין דעם קומט אַריין משה, מהר"מס שמש, אַ צעטראָגענער)

**שמש**

אוי וויי געשריען, ידן, ווי געשריען!

**אַלע**

(אין שרעק)

וואָס געשען?

**שמש**

דער מומר להכעיס איז דאָך דאָ אין שטאָט,
דער מסור, דער משומד. — ער האָט מיך געזען!

**שליח**

ווי אַזוי ?

**שמש**

אַ וויי, אַ וויי ! געשען איז עס בייטאָג נאָך :
דער באַזעלער געקרוינטער בישאָפּ
איז דורכגעפאָרן היינט די שטאָט.
די גאַסן זיינען פול געווען מיט מענטשן,
און איך בין, על פי מקרה, אין המון אַריין,
פון גרויס צעטומלעניש, אוי וויי, אַריין.
מיין קאָפּ איז מיר פאַרנומען, ווייסט איר דאָך,
מיט איין מחשבה : גרענעץ. צוליב דעם
האָט מיך דער רבי דאָך געשיקט אַהער פאַראויס
כדי צוצוגרייטן אַלץ ווי ס'דאַרף צו זיין. —
איז ווי איך זוך אַרויסצוראַטעווען זיך פון המון,
דערשפיר איך מיטאַמאָל אויף זיך צוויי אויגן.
איך גיב אַ דריי מיין קאָפּ, ערשט — ווי איז מיר !
דעם רשע קנופּס צוויי אויגן ! — הערט נאָר : אַזאַ גדולה !
דער רשע איז געווען דאָך איינער פון די ריטערס,
וואָס האָבן, פול באַוואָפנטע, באַגלייט דעם בישאָפּ.

**דניאל**

(מיט גרויס אימפּעט צו אַהאַספער)

קומט שנעל צו שטעלן זיך אויף וואַך. קומט שנעל.

(צום שמש)

אויך איר מיט אונדז. מיר מוזן היטן.

(דניאל ציט אַהאַספערן, אויך משהן. זיי גייען אַרויס. צווישן עולם אומרו)

**פרוי**

ס'איז עפּעס דאָ ניט גלאַט.

**צווייטער זקן**

יאָ, עפּעס קומט דאָ פאָר.

**שליח**

אַן פּחד, ייִדן, — נאָר אַן פּחד !
וואָס גייט אונדז אָן דער בישאָפּ ?
וואָס גייט אונדז אָן דער נאַר־משומד ?
מיר ליגן דאָ עק שטאָט אין גוטער פינצטערניש



פאַרבאָרגן און באַהאַלטן.
שטילט איין די מורא, ייִדן.

(בעל אכסניה קומט אַריין)

**בעל אכסניה**

דער רב מיט מזל איז שוין דאָ.
מאַכט פּלאַץ, מאַכט פּלאַץ.

(עס קומען אַריין מהר״ם, אשר, שמשון, חיים, אסתר און נאָך אַ צאָל פון זיינע תלמידים. בעל אכסניה נייגט זיך)

ברוכים הבאים.

**שליח און אַלע**

(הייבן זיך פון די ערטער)

ברוכים הבאים, רבי, ברוכים הבאים.

**מהר״ם**

זייט אַלע געבענטשט, ייִדן ;
איך בעט אייך — רוט אויף אייערע ערטער.

**בעל אכסניה**

דער הייליקער רבי זאָל מיר מוחל זיין
וואָס כ'האָב ניט גענוג פּלאַץ פאַר אַלעמען.
אַזויפיל ייִדן, אָן עין הרע, קומען אָן.

**שטימען**

וואָס הייסט ? וואָס הייסט ? מיר'ן מאַכן פּלאַץ.

(עולם רוקט זיך צונויף אויף דער ערד. סיקינד ביי דער פרוי כאַפּט זיך אויף)

**אסתר**

אַ ברעקל פּלאַץ נאָר פאַרן פאָטער.

**שטימען**

פאַר אַלעמען. פאַר אַלעמען. — וואָס הייסט —

**אסתר**

דער פאָטער איז פאַרמאַטערט שטאַרק פון וועג.

**מהר״ם**

ניין, ניין, אסתרלין.
איך בעט אייך, ייִדן, רוען, ניט געשטערט זיך,
און אויך דעם קינד ניט שטערן. כ'בעט אייך.
מיר וועלן זיך אַן עצה געבן, טאָכטער. —
אויך איר, תלמידים מיינע, שפּאָרט זיך צו וואו ס'לאָזט זיך.

**אסתר**

אַט האָבן מיר שוין פּלאַץ פאַר אַלעמען.

(מיט אַ געניטער האַנט מאַכט זי אַ שטיקל געלעגער אויף אַ באַנק וואָס אַנדערע האָבן אָפּגעטראָטן פאַרן רב. אַלע איבע־ריקע אָרדענען זיך ביסלעכווייז אײַן דערבײַ אויפן דיל, אויף שטרוי־אויסבעטן, טוען ניט אויס די קליידער. אסתר זעצט אַוועק דעם פאָטער, שפּאַרט אָן דײַן קאָפּ אָן אַ שטרוי־קישן)

מאַך צו די אויגן, פאָטער לעבן. רו.

**מהר"ם**

אַ ברכה אויף דײַן קאָפּ, אסתרלין.
און ווי איז אײַך, תלמידים מײַנע?

**אשר**

מיר רוען, רבי.

**שמשון**

אַ שווערער וועג געווען.

**חיים**

דער שווערסטער וועג איז לײַכט און גרינג
אויב נאָר ער פירט קיין ציון.

**שליח**

ער פירט אונדז אַלעמען אַהין.

**מהר"ם**

דער טרייער שליח זאָל מיר מוחל זײַן
מײַן שפּעטיקונג, דאָס וואַרטן וואָס ער האָט געוואַרט.

**שליח**

וואָס מער געוואַרט, אַלץ הייליקער דער שכר
פון זיך דערוואַרטן, רבי.

**אסתר**

ס'וואָלט גוט געווען אַ ביסל מילך צו קריגן פאַרן פאָטער.

**מהר"ם**

לאו דווקא, אסתרלין, לאו דווקא.

**בעל אכסניה**

דער עולם, אַז עין הרע, האָט אַלץ אויפגעגעסן.
און אויסגעטרונקען ביז אַ לעצטן טראָפּן.



**מהר"ם**

אַ חידוש מיר וואָס כ'זע ניט משהן דאָ,
מײַן שמש מײַן געטרייען.

**בעל אכסניה**

ער איז אויף שמירה, רבי.

**מהר"ם**

וואָס הייסט?

**בעל אכסניה**

צו זײַן באַוואָרנט פון ניט־גוטע אויגן.

**מהר"ם**

און ווען זשע וועלן מיר, אם ירצה השם,
די גרענעצן דורכגיין?

**בעל אכסניה**

איך גלייב אַז מאָרגן, רבי.

(לאָזט זיך אַרויסצוגיין)

און טאָמער מאַכט זיך עפּעס וואָס —
אפילו אַז עס קומט אַרײַן אַהער די מלוכה־וואַך —
זאָל קיינער ניט דערשרעקן זיך פאַר איר,
ניט נעמען לויפן אין בהלה, חס וחלילה.
זי קומט אַרײַן און גייט אַוועק. יאָ, יאָ.
דאָס בעסטע איז — פאַרטוליען זיך און שלאָפן.

**אסתר**

אַ גוטע עצה — שלאָפן.
די אויגן קלעפּן זיך סײַ ווי.

**שמשון**

כנראה — זײַנען חשדים דאָ,
ווײַבאַלד מען שמועסט וועגן שמירה.

**חיים**

צו וואָס אַזוינע רייד, ר' שמשון?
צו וואָס אַרויפוואַרפן אויף זיך אַן אימה?

**שמשון**

וואָס הייסט — אויף זיך? וואָס הייסט?
צי שיקט זיך עס צו טראַכטן וועגן זיך נאָר?
איך פרעג אַן אַנדער שאלה:

וואָס קען עס וועמען אַרן אַז מיר ווילן
פאַרלאָזן אונדזער היימלאַנד?

**אסתר**

איך בעט איך, זאָגט ניט היימלאַנד.

**חיים**

און איך וואָלט נאָך עפּעס געבעטן
ביי אַלעמען און אויך ביי זיך אַליין:
ניט טרויערן, ניט צולאָזן צום האַרץ
קיין מינדסטן שפּור פון היים-ווײ — — —
וואוהין דען גייען מיר — מיר זאָלן קלאָגן?
פון ארץ-הדמים גייען מיר קיין ארץ-ישראל —
באַדאַרפן מיר דאָך זינגען, טאַנצן.

**שליח**

אַזוינס צו הערן גאַר איך.

**שמשון**

ס'איז אמת, אָבער זעסט דאָך, חיים, —
ס'געזאַנג דאַרף ערשט נאָך קומען.

**חיים**

ס'געזאַנג איז שוין געקומען, שוין געקומען.
און וואָס זאָגט איר, ר' אשר? וואָס זאָגט איר?

**אשר**

(זיצט אין אַ ווינקל, זיין קאָפּ אַריינגעטומען צווישן די קני,
שוייגט פאַרזונקען)

**חיים**

ר' אשר ענטפערט ניט, ר' אשר שווייגט.
און אויך אַזוי דעם גאַנצן וועג געשוויגן. —

**מהר"ם**

(וועצט זיך אויף)

ס'איז אמת, חיים, — אשר שווייגט די גאַנצע צייט.

**אשר**

(שיעלט זיך אויף)

דער רבי זאָל מיר מוחל זיין.



**מהר"ם**

אוודאי. — כ'בין דיר מוחל. ווי דען אַנדערש?
אוודאי איז מיר ליב וואָס דו באַגלייטסט מיך.
דו שוויגסט אָבער די גאַנצע צייט, און כ'ווייס ניט
די סיבה פון דיין שווייגן.
איך טראַכט אַז אפשר איז דיר גאָר ניט ניחא
צו טאָן מיין רצון און צוריקפאָרן קיין מאַינץ
צו זיין דאָרט רב און ראש-הישיבה.

**אשר**

דעם רביס רצון איז מיר טייער,
כאָטש זייער שווער איז מיר דאָס שיידן זיך —

**מהר"ם**

איך זע אַז עפּעס אַנדערש דריקט דיך.

**אשר**

ס'איז אמת, רבי.

**מהר"ם**

צי ווילסטו מיר ניט זאָגן וואָס?

**אשר**

איך וויל. אוודאי וויל איך זאָגן. —
איך זע אין אייער גיין קיין ארץ ישראל
אַן אצבע אלקים; אַ צייכן, ווי אַ פייער רויט,
נעמט דורך דאָס האַרץ פון אַלע ידן.
דאָס פייער לויכט אויך דאָ אין חושך.
דעם רביס ליפּן אָבער, זע איך, קלעמען
און ס'האַרץ אין מיר פאַרגייט פאַר צער. —
און חיים, רבי, איז דאָס מאָל גערעכט.

**מהר"ם**

איז דאָס די סיבה פון דיין שווייגן?

**אשר**

איך וואָלט אָוועקגעגעבן מי יודע וואָס
אָבי צו זען אין איך אַ ביסל שמחה.

**מהר"ם**

(שטיל און טרויעריק)

פאַרשטיי איך, אשר, דיין מחשבה.

און חיימען פאַרשטיי איך דאָך אוודאי.

(פויזע)

אַ ייד וואָס גייט קיין ארץ־ישראל,
דאַרף גיין ווי ס'גייט אַ חתן צו זיין חתונה,
אין פרייער אהבה, אין פרייען רצון,
און ניט מחמת רדיפות און נגישות.
ווייל ארץ ישראל, אשר, איז דאָך כלו אהבה,
און אהבה מוז דאָך זיין באַגלייט מיט שמחה.
פאַרשטייסט, מיין זון — איך האָב גרויס צער דערפון
וואָס כ'פאָר קיין ארץ ישראל על פי נויט,
ווי עפּעס איינער אַן אַנטלויפער,
צוליב דער רשעות גאָר פון עפּעס דאָרט אַ הערצאָג.

**אשר**

ס'איז אָבער דאָך דער רצון פון אַלמעכטיקן,
אַז שטענדיק, שטענדיק זאָל עפּעס אַ הערצאָג
אונדז האַלטן אין איין טרייבן.

**חיים**

כדי מיר זאָלן נענטער אַלץ און נענטער
דערגרייכן צו די גרענעצן פון אונדזער חלום־לאַנד.

**מהר"ם**

ס'איז אָבער אויך דער רצון פון אַלמעכטיקן,
אַז כל זמן ערגעץ וואו אין גלות־לאַנד
בלייבט איבער נאָר איין ייד אפילו,
באַדאַרף מען אים, דעם איינציקן, ניט איבערלאָזן
אַליין אויף הפקר, — און בפרט נאָך
ווען ס'בלייבן איבער גרויסע טיילן פון ישראל.
אויב גאולה, אָשר, איז פאַר אַלע יידן,
פאַר אַלע — ביזן סאַמע לעצטן.

**אשר**

איר מיינט צו זאָגן, אַז איר פילט זיך שולדיק, רבי?

**מהר"ם**

אַ ביטערע מחשבה מאַטערט מיך, מיין זון,
און די מחשבה איז אַזאַ:
צי מעג איך איבערלאָזן ס'פאָלק אין רשעות־לאַנד,
און זיך אַליין, ס'אייגענע נפש, ראַטעווען?



**אשר**

אַ יעדער ייד וואָלט געבן מי יודע וואָס
אַבי דער רבי זאָל וואָס גיכער ניצול ווערן
פון הערצאָגס רשעותדיקער האַנט.

**מהר"ם**

די מערסטע יידן אָבער בלייבן דאָך אין גלות.
פאַרוואָס קומט מיר גאולה — ניצול ווערן?

(אין גרויס אומרו)

פאַרוואָס האָב איך געלאָזט זיך איינריידן פון דיר,
פון אַלעמען? — געלאָזט דאָס פאָלק אין פּיין,
אין אומגליק, און אַליין אַנטלאָפן — — —
פאַרוואָס האָב איך דערלאָזט — — ?

**אסתר**

(אין דערשראָקנקייט)

אַ פאָטער לעבן, פאָטער לעבן.

(אשר, שמשון, חיים, דער שליח רינגלען אַרום דעם מהר"ים,
טרייסטן אים)

**אַלע**

דער רבי זאָל געטרייסט זיין, זאָל געטרייסט זיין.

**מהר"ם**

(אין זעלבן טאָן פון צער)

פאַרוואָס איז יצחק אָבינו ניט אַנטלאָפן פון זיין עקדה?

**חיים**

און ווי וועט זיין דער דין, רבי,
אַז אויך ארץ־ישראל איז אַ הייליקע עקדה?

(פאַר דער צייט זיינען אַריינגעקומען שטיל אַהאַספער און דניאל.
שטייען ביי דער טיר, רוקן זיך נענטער)

**דניאל**

און אפשר גאָר ניט איין עקדה, נאָר אַ סך?

(אַלע גאַפן)

**מהר"ם**

אויך איר זענט דאָ?

**אַהאַספער**

אוודאי, רבי לעבן.

**מהר"ם**

וואָס מיינסטו, זון מיינער, מיט דיינע רייד ?

**דניאל**

אין ארץ־ישראל ברענען היינט אַ סך עקדות,
און ליכטיק פלאַקערן דאָרט הונדערטער מזבחות,
אין עין חרוד, אין תל יוסף, אין גבעת ברענער,
און ניט נאָר יצחקס שטרעקן אויס די העלדזער פרום,
נאָר שרהס אויך, און רבקהס אויך, און רחלס אויך.
און ווער עס קומט אַהין פאַרגייט זיך אין מתיקות,
ווי משה רבינו איז פאַרגאַנגען זיך אויף באַרג נבו
אַ רגע פאַר זיין שטאַרבן. —
אַ גאַנצער דור אַזוי. — אַ גאַנצער דור
וואָס איז אַליין משיח.

**שליח**

צי קומט דער אורח אויך פון ארץ ישראל ?

**דניאל**

כ'וואָלט זייער וועלן זאָגן אַז איך קום פון דאָרט.
נאָר כ'קאָן ניט, ווייל איך קום פון אַנדערע עקדות,
פון אַנדערע מזבחות איבער גאָר דער וועלט,
און ס'וואַרט אויף מיר אַ קאַלך־אויוון — אַ גאַז־אויוון,
וואָס איז ניט ווינציקער באַקאַנט מיט זיין מתיקות.
מוריה, עין־חרוד, נבו, מאַידאַנעק —
אין פלאַקער־פייער נעמט זיי אַלעמען אַרום.

**חיים**

וואָס טוט זיך דאָ ?

**דניאל**

וואָס זאָל זיך טאָן ? — דער פלאַם פון גאַז־אויוון
האָט שוין פאַרברענט אויף טויט מיליאָנען יידן,
און איצטער וואַרט דער פלאַם אויף מיר.
איך האָב געמיינט אַז כ'וועל זיך קאָנען ראַטעווען
אָט דאָ ביי אייך, און כ'בין צו אייך געקומען
צוזאַמען מיטן זיידן. — אָבער איצט,
ווי קאָן איך טראַכטן וועגן זיך, ווען כ'זע
דעם רב זיך גרייטן צו זיין אייגענער עקדה.

**אַהאַספער**

(פאַרשטעלט אים די ליפּן)

קיין וואָרט ניט ווייטער.



**אשר**

מיר ווילן וויסן וואָס ער מיינט.

**שטימען**

מיר ווילן וויסן.

**אסתר**

איר וואָלט באַדאַרפט דעם פאָטער לאָזן רוען.

**מהר"ם**

ס'מאַכט ניט, אסתרלין, ס'מאַכט ניט.
כ'וויל אויך דער יונגערמאַן זאָל רעדן ווייטער.

**אַהאַספער**

איך הייס ניט, ווייל ער רעדט ניט צו דער זאַך.
ער וויל פאַרמיידן, אפשרייען געשעענישן
וואָס זיינען פאַרגעקומען שוין.

**מהר"ם**

ער רעדט דאָך אָבער וועגן מיר —

**דניאל**

אוודאי, רבי, וועגן אייך.

**אַהאַספער**

דניאל ! איך הייס ניט רעדן.

**אסתר**

(צו דניאל)

אויב יאָ אַזוי — בעט איך, אַז איר זאָלט רעדן
און אויפדעקן דעם מיין פון אייערע רמזים.

**דניאל**

מיין האַרץ איז פול מיט בענקעניש נאָך אייך,
און כ'וויל פאַר אייך אַנטפּלעקן אַלע סודות, —
פאַר אייך, אַ אסתר —

**אסתר**

אָט שטרעק איך אויס די הענט צו אייך.
אַנטפּלעקט, זאָגט אויס, דערציילט פאַר מיר —

**אַהאַספער**

איך הייס ניט. איך פאַרווער.

**אסתר**

אַ זייט ניט שלעכט, אַ זייט ניט האַרט,
איך זע דאָך אַז איר ווייסט וועגן אונדזער גורל.

(צו דניאל)

צוליב מײַן פֿאָטער טוט עס.
און אויך אַביסל צוליב מיר.
מײַן פֿאָטער וועט ניט ווערן בײַז אויף מיר
אויב איך וועל זאָגן אַז איך זע אויף אײַער פּנים
אַ טרויער פֿון אַ ברודער, פֿון אַ שײַנעם ברודער.

**דניאל**

איך בין אַ ברודער אײַערער, ס'איז אמת.
און ס'גייט מיר אויס דאָס חיות צו דערציילן אײַך — —

**אַהאַספּער**

(לייגט אַרויף זײַן האַנט אויף דניאלס מויל)
איך הייס ניט רעדן וועגן דעם. איך פֿאַרווער.

**דניאל**

(באַצוואונגען. ענדערט טאָן. זײַנע ליפּן ציטערן, שטאַמלען מיט
הייס געבעט)
איך מיין — איך וויל אײַך בעטן, רבי —
איך מיין — איר זאָלט מיר געבן אײַער ברכה,
איך מיין — איר זאָלט מיך אַ־רירן מיט בײדע הענט
און בענטשן מיך — —

**שמעון**

וואָס טוט זיך דאָ? גאָר בענטשן אים?

**דניאל**

כ'מוז האָבן אײַער ברכה, רבי. כ'מוז.

**אסתר**

כ'פֿאַרשטיי ניט וואָס איר מיינט.

**דניאל**

ס'איז, דוכט זיך, קלאָר און פּשוט:
זיי האָבן מיך צעריסן און מיך חרוב געמאַכט.
באַדאַרף איך טרייסט, באַדאַרף איך ליבשאַפֿט,
באַדאַרף איך וואַרעמקייט. זיי האָבן מיך צעפּייניקט.

**מהר"ם**

ווער?

**אסתר**

איך בעט אײַך, זאָגט אונדז: ווער?



**דניאל**

צי איז אַ חילוק ווער?
צי איז אַ חילוק ווען?
כ'בין חרוב, רבי.

**מהר"ם**

קום־צו צו מיר.
(דניאל גייט צו. מהר"ם לייגט אַרויף זײַנע הענט אויף דניאלס
קאָפּ)
זײַ געבענטשט אין זכות פֿון אונדזער נצח.
(פּויזע)
און איצטער לייגט זיך אַלע אָפּרוען, איך בעט אײַך.
(אַלע צעלייגן זיך. סיוועדט שטיל. מהר"ם, אָנגעלייגטערהייט,
נעמט זאָגן פֿאַר זיך אַליין מיט זייער אַ שטילן זינגענדיקן קול)
מן המצר קראתי יה, ענני במרחב יה —
(עמיצער פֿון עולם כאַפּט עס, אויך שטיל, אונטער, און ביס־
לעכווײַז, ווי פֿון זיך אַליין, נעמט עס אויף דער גאַנצער עולם,
ניט געקוקט אויפֿן שלאָף. עס ווערט אַ געזאַנג, וואָס פֿאַרוואַנדלט
זיך אין אַ שטיל נאָגנדיק געוויין. מהר"ם זעצט זיך אויף, ווענדט
זיך צו עולם)
רבותי, רבותי —
צעשטערט ניט די מנוחה אין אײַער האַרץ
מיט געוויין, איך בעט אײַך.
מאַכט צו אײַערע אויגן און שלאָפֿט.
אפֿילו אין אַ פֿינצטערער אכסניה
דאַרפֿן ייִדן זיך אָנטאָן אַ כּוח
ניט בטל צו מאַכן דעם סדר העולם,
אפֿשיטא — ניט וויינען בײַנאַכט;
די נאַכט האָט אונדז גאָט ברוך הוא
געגעבן אויף רו.

**שליח**

מן המצר אָבער איז פֿון הלל, רבי, —
און הלל זאָגט מען דאָך אום יום־טוב. —
איז אַ סימן אַז דער יום טוב איז שוין דאָ,
דער יום־טוב פֿון גאולה איז שוין דאָ.
טאָ לאָמיר אַלע זינגען, לאָמיר אַלע זאָגן הלל:
הודו, הודו, הודו.
(דער גאַנצער עולם כאַפּט עס אויף. עס ווערט אַן עקסטאַטיש
געזאַנג. עס יאָגט אַרײַן משה מיט גרויס פּחד)

**משה**

(אין בהלה)

יידן! יידן!

**שמימען**

וואָס איז געשען?

**משה**

חייל גייט אַהער מיט פּאַקעלן און שפּיזן.

(מהומה)

באַהאַלט דעם רבין!

(פאַלט צו צו מהר״ם)

גייט שנעל אַרויס פון דאַנען, רבי.

(מהר״מס נאָענטע רינגלען אים אַרום. משה כאַפּט אָן מהר״מס האַנט, ציט אים)

כ׳האָב מורא, רבי.

**מהר״ם**

אָן פּחד, רבותי. אָן פּחד.

איך בעט אייך אַלעמען זיין רואיק.

מען קאָן אַנטלויפן פון אַ הערצאָג,

נאָר ניט פון גאָט ברוך הוא.

(עס פראַלט אַריין אַ באַוואָפנטע מחנה)

**עלטסטער פון דער מחנה**

דער יודן־רב פון מאַינץ איז דאָ צווישן אייך.

(שטילקייט)

איר שווייגט? — וועל איך אייך אַלעמען פאַרנעמען.

איך פרעג דאָך: ווער איז דאָ דער יודן־רב?

**מהר״ם**

איך.

**עלטסטער**

מיר האָבן אַ באַפעל דעם יודן־רב צו אַרעסטירן.

**שמימען**

פאַרוואָס? פאַרוואָס?

**עלטסטער**

מיר גיבן קיינעם ניט קיין רעכענונג,

מיר פירן אויס נאָר דעם באַפעל פון אונדזער הערצאָג.

**מהר״ם**

כ׳בין גרייט.

(וואַך רינגלט אים אַרום)



## בילד זעקס

(אַ טונקעלע תפיסה־צעל אין וואַסערבורגער פעסטונג. מהר״ם זיצט אויפן בעטל אין אַ תפילהדיקן צושטאַנד. ער איז איינגעוויקלט אין אַ טלית. זיינע ליפּן פּליסטערן: יושב בסתר עליון — — — אויף אַ טישל דערביי שטייט אַ קרוג וואַסער און אַ ניט־געריירט ברויט. עס עפנט זיך די פאַרריגלטע טיר, סיקומט אַריין דער וועכטער. מהר״ם שענקט ניט קיין אַכט. זעצט פאָר דאָס פּליסטערן פון זיינע ליפּן.)

**וועכטער**

דער יודן־רב שלאָפט ווידער?

**מהר״ם**

(גיט זיך אַ כאַפּ, בלייבט זיצן אויסגעגלייכט)

ניין, הער וועכטער.

(ער טוט אויס פון זיך זיין טלית)

**וועכטער**

שוין האַלבער טאָג, און ס׳ברויט מיט וואַסער

נאָך אַלץ ניט אָנגערירט.

**מהר״ם**

איך פאַסט אַ תענית היינט, הער וועכטער.

**וועכטער**

שוין ווידער? וועסט דאָך אומקומען אַזוי ביי אונדז.

**מהר״ם**

השם יתברך ווייסט —

**וועכטער**

(שלאָגט איבער)

לאָז אָפּ, הער אויף — —

איך האָב אַ גוטע בשורה פאַרן יודן־רב.

(ער וואַרט אַז מהר״ם זאָל אַרויסווייזן נייגעריקייט, אָבער מהר״ם נעמט־אויף זיינע ווערטער קאַלט, רעאַגירט ניט אויף זיי. דער וועכטער ווערט אויפגערעגט)

וואָס שווייגסטו? ביסט ניט נייגעריק צו וויסן גאָר?

**מהר"ם**

אַ ייד באַדאַרף ניט נייגעריק צו זיין.

**וועכטער**

דיר שטייט ניט אָן אפילו, הייסט עס,
צו פרעגן וואָס און ווער? — דו אַלטער יודן־קאָפּ.

**מהר"ם**

איך פרעג ניט. איך באַלעסטיק ניט.

**וועכטער**

אָט דאָס איז טאַקע וואָס מיך אַרט. — דיין גאווה!
אַ תפיסהניק באַדאַרף ניט האָבן אַזאַ גאווה.
אַ תפיסהניק באַדאַרף זיין אומגעדולדיק, גראָב,
און שטענדיק דאַרף ער עפּעס מאָנען, שרייען. —
כ'האָב ליב ווען תפיסהניקעס זידלען זיך,
ווען תפיסהניקעס פאָדערן אַז עפּעס קומט זיי,
ווייל דעמאָלט פיל איך אַז די תפיסה טוט זיי וויי.
און דו — שוין באַלד אַ יאָר אַז דו ביסט דאָ,
און מאָנסט ניט. גאָר ניט. ביסט צו שטיל.
און כ'הער צומאָל אפילו ניט זאָלסט וויינען,
ווי ס'וויינען מערסטע תפיסהניקעס, אויפן קול. —
דו מאַכסט מיר פון דער תפיסה אַ שטיק חוזק.

(לאָזט זיך אַרויסגיין, קערט זיך אום צוריק)

דערהאַלטן פון זיין האָהייט אַ פאַראָרדענונג
דיר נאָכצוקומען דיין בקשה.

**מהר"ם**

איך האָב ביי קיינעם ניט געבעטן קיין בקשות.

**וועכטער**

מסתמא האָבן דיינע יודן עס געטאָן פאַר דיר.
דעם יודן־רב וועט זיין דערלויבט פון היינט און ווייטער
צו האָבן ביכער און אַ שטענדער דאָ אין צעל,
און אויך אַ פעדער, טינט און פאַרמעטן,
און איבער אַלעם — אַ דערלויבעניש צו האָבן געסט.

**מהר"ם**

אַ דאַנק דיר, בורא עולם, פאַר דיין חסד.

**וועכטער**

דעם הערצאָג דאַרף דער יודן־רב באַדאַנקען. —
און וואָס, אַ שטייגער, וועט דער יודן־רב
דאָ טאָן מיט פאַרמעטן?



**מהר"ם**

אַ ספר־תורה שרייבן.

**וועכטער**

די יודן־תורה?

**מהר"ם**

גאָטס תורה.

**וועכטער**

ווי קאָן מען אין דער פינצטערניש דאָ שרייבן?

**מהר"ם**

גאָט ברוך הוא מאַכט ליכטיק אַלע פינצטערנישן,
און עפנט ברייט פאַנאַנדער אַלע תפיסה־שלעסער
פאַר זיינע אותיות — פאַר מיינע געסט.

**וועכטער**

פאַר וועלכע געסט? וואָס מיינט דער יודן־רב?
און וואו איז דאָ אַ נפש אויף דער וועלט
וואָס קען אַריינדרינגען אַהער אָן מיינע שליסלען?
צי מיינט דער יודן־רב מיך ווידער אָנצושרעקן,
ווי נעכטן נאַכט, דורך פירן אַ געשפּרעך
מיט עמיצן אַ ניט־געזעענעם אָט דאָ אין צעל?
דער יודן־רב זאָל מער אַזוינס ניט טאָן.

**מהר"ם**

אַ וועכטער דאַרף ניט זיין קיין שרעקעדיקער.

**וועכטער**

האַלט ס'מויל, דו אַלטער יודן־קאָפּ.
ניט אַנדערש אַז דו ווילסט מיך אָנשרעקן מיט כישוף;
איז טאַקע אמת אַז עס קומען צו דיר גייסטער,
צי גלאַט אַזוי — דו רעדסט פון שלאָף?

**מהר"ם**

ניט גייסטער און ניט שלאָף, נאָר לעבעדיקע עדות
פון וויטע שפּעטערדיקע דורות.

**וועכטער**

דער יודן־רב לאַכט אָפּ פון מיר. —
ווי קאָן אַ שפּעטערדיקער, אַ נאָך־ניט־געבאָרענער
אַריינקומען צו דיר אין תפיסה היינט?

**מהר"ם**

דיין וועכטער־מוח וועט אודאי ניט באַנעמען
אַן אייביקייט אַן אָפענע אויף אַלע טירן,
אַן אָנגעצונדענע מיט ליכט פון בורא עולם,
דורך וועלכער אַלע דורות — אַלע לעבנס —
פון נעכטן און פון היינט און אויך פון מאָרגן —
באַגעגענען זיך. — דיין פאַרטעמפּטער מוח
באַנעמט נאָר איינס: פאַרהאַקן טירן,
פאַרשליסן שלעסער, קלאַפּן מיט די שליסלען,
און וואָס מער פינצטערניש אַריינפּאַקן
אין שמוציקע פיר ענגע ווענט. —

**וועכטער**

(אויפגעזאָדן)

געפעלן דיר ניט מיינע שליסלען — וואָס?
אַנו, פּרוביר פאַרזוכן זייער טעם!

(ער גיט אַ שטויס דעם מהר"ם צום בעטל און הייבט אויף איבער אים אַ בונט שטאָלענע לאַנגע שליסלען, וויל נעמען אים שלאָגן מיט זיי. עס טויכן אַרויס פון דער טונקלקייט אַהאַספער און דניאל. אַהאַספער גיט אַ קלאַפּ דעם וועכטער איבער דער האַנט, די שליסלען פאַלן אַרויס פון דין האַנט מיט האַסט צו דער טיר. דער וועכטער שפּרינגט צו צו דער טיר אין פּחד. מהר"ם איז געפאַלן אויפן בעטל. זיצט אַ געבויגענער)

**אַהאַספער**

קיין האַנט ניט וואַגן אויפצוהייבן!

**וועכטער**

ווער איז דאָ?

**דניאל**

אַ לעבעדיקער עדות פון די שפּעטערדיקע דורות.

**וועכטער**

(אין פּחד)

די גייסטער דיינע זיינען דאָ. די גייסטער.

**אַהאַספער**

וואָס פלאַפּלסטו? הייב־אויף די שליסלען
און גיי צו דיין מלאכה.



**דניאל** — הענקערשע מלאכה —

אַז אָפּדאָרן זאָל דיר דיין רעכטע האַנט,
דו תפיסה־הונט. — אַ גאָט, אַ גאָט —
אַ ווי דערלעב איך שוין כאָטש וואו ניט איז,
כאָטש ווען ניט איז, צו אָפּצאָלן אַ מינדסטן אָפּצאָל
פאַר אַלע תפיסות און פאַר אַלע מאָרדן,
פאַר אַלע דורות.

**וועכטער**

ווער וואָגט אַזוי צו מיר צו רעדן?
ניט אַנדערש נאָר אַ כישוף —

(ער כאַפּט די שליסלען, לויפט אַרויס, פאַרשליסנדיק די טיר אויף יענער זייט. מהר"ם זיצט אויפן בעטל, דער קאָפּ אַראָפּגעזונקען. אַהאַספער און דניאל שטייען איבער אים אַ רגע, טרעטן אָפּ אויף צוריק. ריידן שטיל צווישן זיך)

**אַהאַספער**

ער'ט קומען באַלד צו זיך.

**דניאל**

אפשר וועקן אים?

**אַהאַספער**

ער'ט אויפשטיין באַלד אַליין.

**דניאל**

אַזוי אַלט געוואָרן.

**אַהאַספער**

ש־ש־ש, רעד ניט הויך.

(פּויזע)

און איצטער לאָמיר גיין.

**דניאל**

אפשר נעמען אים מיט זיך?

**אַהאַספער**

(שאַרף)

דניאל!

**דניאל**

צי טאָר אין אונדזער גאַנג ניט זיין
קיין מינדסטער שינוי?

**אַהאַספער**

עס טאָר ניט.

**דניאל**

אַפילו ניט קיין איינציק מאָל
אין משך פון יאָרטויזנטער ?
קיין אָפּווייכונג ? קיין איבערבראָך ?

**אַהאַספער**

עס טאָר ניט.

**דניאל**

אַפילו אַזאַ אַלטן מאַן ניט העלפן ?

**אַהאַספער**

ער מוז אַלץ דורכמאַכן אַליין,
ער מוז אַליין אַלץ דורכגיין.
אַליין, ווי דו.

**דניאל**

צי וועט ער אויסהאַלטן ?

**אַהאַספער**

ער וועט. ער מוז. ווי דו.
און איצטער לאָמיר גיין.
די בני־בית זיינע הער איך קומען.

(אַהאַספער און דניאל אָפּ אין דער טונקלקייט. מהר״ם קומט צו זיך, קוקט זיך אַרום. נעמט זאָגן: מזמור לדוד, די רועי לא אחסר — — די טיר עפנט זיך ווידער. דער וועכטער שטעקט אַריין דעם קאָפּ)

**וועכטער**

איצט זיינען אויף אַן אמת געסט געקומען.

(וועכטער לאָזט אַריין אין קאַמער משהן, דעם שמש, און שמשון [תשב״ץ]. ביידע דערשראָקענע. זיי פאַלן ביידע צו צום מהר״ם, מהר״ם, אויפגעטרייסלט, נעמט די אַרום)

**ביידע געסט**

שלום עליכם, רבי.

**מהר״ם**

(שפּירט אין זייער קול געוויין)

עליכם שלום, רבותי.
איך דאַרף אייך תיכף בעטן:
חלילה אייך פון צו וויינען.



**שמש**

(פאַרברעכט מיט די הענט)

אוי וויי —

**מהר״ם**

(שאַרף)

משה !

**שמש**

אַז איך בין דאָך אין אַלעם שולדיק —

**מהר״ם**

ניין, ניין. אפילו קנופּ איז ניט שולדיק.

**שמש**

ס'איז ער געווען וואָס האָט געמסורט.

**שמשון**

ער איז שוין אַ געשטראָפטער, רבי.
ער ליגט זייט דעמאָלט אַ צעגויפגעפאַלענער, אַ חולה־נופל.
אַ שלאַק האָט אים געטראָפן. און דער הערצאָג
האָט אָפּגעקערט פון אים זיין פנים, און מען זאָגט נאָך
אַז ס'וואַרט אויף אים אַ שטראָף מצד דעם הערצאָג.

**מהר״ם**

איצט זעט איר דאָך אַליין אַז גאָט ברוך הוא
לאָזט קיינעם ניט אַנטרינען. קיינעם ניט.
ניט מיך, ניט קנופּן —

**שמש**

להבדיל אלף הבדלות.

**מהר״ם**

(ווערט וואָס ווייטער פעסטער. זיצט תקיפותדיק אָנגעלענט אָן זיין שטעקן)

איר קענט דאָך לאַנג ניט זיין מיט מיר, רבותי, —
איז לאָמיר היטן זיך פון דברים בטלים.
וואָס מאַכן אַלע ? רחלין, און אסתרלין, און שלמה,
און אָשר, און חיים — —

**שמש**

אַלע ברוך השם געזונט.

**שמשון**

און חיים איז אַליין אַוועק קיין ארץ הקדושה.

**מהר״ם**

אַזוי ? אָוועק טאַקע אַליין —
אַ ברכה אויף זיין קאָפּ.

**שמשון**

און אָשר איז מקיים אייער רצון, רבי.
ער איז דער ראש הישיבה.

**מהר״ם**

געלויבט השם יתברך.

**שמשון**

דאָס מאָל בין איך געקומען מיט ר׳ משהן,
אַ צווייטן מאָל, אם ירצה השם, וועט קומען אָשר,
אויך אסתרלין און רחלין.

**מהר״ם**

כ׳וועל וואַרטן אויף זיי אַלעמען מיט שמחה.
די קהילה קומט צו זיך ?

**שמשון**

יאָ, רבי.
און אַלע ייִדן קוקן אויס נאָך אייך די אויגן,
און אַלע האָבן אין איין קול אונדז אָנגעזאָגט
צו איבערגעבן אייך אַ דרישת שלום,
און מערער נאָך — אַ שטאַרקונג און אַ האָפענונג,
אַז באַלד וועט קומען די באַפרייאונג —

**שמש**

און אפשר טאַקע גאָר אינגיכן.

**מהר״ם**

וואָס הייסט ?

**שמש**

די ייִדן רוען ניט.

**שמשון**

די ראשי הקהל פון די גרעסטע קהילות
פאַרזאַמלען זיך היינט דאָ אין שטאָט.
זיי וועלן אַלע קומען היינט צו אייך,
און אפשר טאַקע באַלד.

**מהר״ם**

מכוח וואָס ?

**שמשון**

מכוח פדיון שבויים.



**מהר״ם**

מכוח פדיון שבויים סתם ?

**שמשון**

מכוח אייך, רבי.

**מהר״ם**

(אויפגערעגט)

מכח מיר באַדאַרף מען קיין אסיפות ניט.
צי ווייסט איר ניט מיין רצון ?

(פויזע. מיט צאָרן)

איך פרעג דאָך אייך — צי ווייסט איר ניט מיין רצון ?

**שמשון**

מיר ווייסן, רבי.

**שמש**

(געבראָכן)

דעם רבין גיט מען עסן ברויט מיט וואַסער נאָר —
אַז ווי איז מיר —

**מהר״ם**

ס׳איז ניט קיין עיקר וועגן דעם צו רעדן.

(ווערט האָפערדיקער, באַרואיקטער)

איצט זאָג מיר, שמשון לעבן —
צי האָבן זיך אין משך פון דער צייט
ניט אָנגעקליבן גאָר קיין שאלות ?

**שמשון**

אָ, זייער אַ סך שאלות, רבי.
פון אַלע שטעט, פון אַלע געגנטן.
די ייִדן נעמען אויף אַ האָר ניט אָן
דאָס זיצן וואָס דער רבי זיצט אין תפיסה.
זיי שיקן זייערע שאלות, ווי אַמאָל, אַהיים צו אייך,
און אַלע וואַרטן זיי אויף אייער תשובה.

**מהר״ם**

(אויפגעלויכטן)

אַ גוטער סימן אַז דאָס פאָלק אַליין
איז ניט אונטער דער שליטה פון געוויין און עצבות —
אַזוי ווי עס וואָלט קיין תפיסה גאָר ניט זיין.
און דאָס איז גוט. און דאָס איז מיר צום האַרצן.
האָסט אפשר מיטגעבראַכט מיט זיך די שאלות ?

**שמשון**

יאָ, רבי, כ׳האָב געלייענט די כתב־ידן —
געדענק איך זיי.

**מהר״ם**

צי וועסטו קאָנען אויך געדענקען מיינע תשובות,
און זיי מודיע זיין דעם עולם ?

**שמשון**

כ׳וועל קאָנען, רבי.

**שמש**

און איך וועל אויך אַ ביסל צוגעדענקען.

**מהר״ם**

(זעצט זיך אין אַ פייערלעכער פּאָזע, טוט אָן אויף זיך דעם טלית)

געבענטשט זיי, בורא עולם, וואָס דו ביסט מבטל
פאַר מיר די שליטה פון דער תפיסה,
און טיילסט אויס פון דיין ליכטיקן פאַרשטאַנד
צו אַן אָרעמען און פּשוטן בשר ודם. —

(צו שמשונען)

איצט ברענג פאַר מיר די שאלות, שמשון.

**שמשון**

אַ שאלה, רבי, וועגן די מאַנצבילן,
וואָס קומען אָן צו אונדז אין דער ישיבה לערנען
פון ווייטע שטעט און ווייטע געגנטן,
און גאָר אַ סך פון זיי זיינען באַווייבטע,
וואָס לאָזן איבער זייערע ווייבער אין די היימען —
צי דאַרפן זיי, די מאַנצבילן, על פּי דין
מקיים זיין די מצווה פון הדלקת נרות ערב שבת ?

**מהר״ם**

איך פּסקן אַז זיי דאַרפן, שמשון.
ווייל בענטשן ליכט איז גאָר אַ גרויסע מצווה,
אַ מצווה וואָס דאַרף חל זיין אויף אַ יעדן,
אַ חוץ אויף די וואָס וואוינען אין איין שטוב
מיט זייערע ווייבער און די ווייבער בענטשן ליכט.
און וויסן זאָלסטו, שמשון לעבן,
אַז בענטשן ליכט מיינט בענטשן גאָר די וועלט,
מיינט ליכטיק מאַכן אַלע פינצטערנישן,
מיינט בענטשן אויך דעם מענטש.



**שמשון**

און איצטער, רבי, שאלות צוויי פון שפּייער.
די ערשטע שאלה וועגן צינז און שטייער.
צי מעג, למשל, ראובן זאָגן :
איך וועל אַליין, און ניט דורך קהל,
באַצאָלן דער מלוכה מיינע צינזן,
און כ׳וועל אַליין מיט דער מלוכה דורכקומען
ווי גרויס ס׳דאַרף זיין מיין חלק שטייער ?

**מהר״ם**

צי קאָן געמאָלט גאָר זיין אַזאַ מין שאלה ?
מען דאַרף אַרויסגיין שאַרף אַנטקעגן ראובנען
און טאַדלען אים ; אַ ייד איז ניט קיין יחיד בלויז,
אַיעדער ייד געהערט צום כלל ישראל,
און זיין אין כלל ישראל איז אַ זכיה. —
מוז יעדער יחיד בישראל אויף זיך נעמען
זיין פולן חלק, וויפל עס פאַלט אויס אויף אים,
און ניט ווי אים, דעם יחיד, קאָן געראָטן
ביים האַר, ביים מושל אויסצופועלן פאַר זיך.
אַמאָל פאַלט אויס אויף איינעם נאָר אַ ביסל,
אַ צווייטן מאָל פאַלט אויס אויף איינעם גאָר אַ סך —
באַדאַרף ער אָננעמען באהבה זיין חלק,
אפילו ווען דער חלק איז אַ שווערער.
איך זאָג דיר, שמשון, נאָך אַמאָל,
און גיב עס איבער אַלעמען בשמי,
אַז זיין אין כלל ישראל איז אַ גרויסע זכיה,
דעריבער איז עס אויך אַ גרויסער חיוב ;
און ס׳טרעפט אַמאָל : וואָס גרעסער ס׳איז דער חיוב,
אַלץ גרעסער איז די זכיה.
געדענק עס גוט. און איצט — די צווייטע שאלה.

**שמשון**

(אין גרויס פאַרלעגנהייט)

די צווייטע שאלה איז — —

**מהר״ם**

פאַרוואָס דערזאָגסטו ניט ?

**שמשון**

די צווייטע שאלה איז — מכח פדיון שבויים.

**מהר״ם**

(אָנגעשפּיצט)

למשל ?

**שמשון**

צי מעג מען אויסלייזן ראובנען פון תפיסה
אפילו ווען ער וויל עס ניט ?

**מהר"ם**

(אויפגעצאַפּלט)

וואָס הייסט ? וואָס הייסט ? עס ווענדט זיך אָן דעם טעם
פאַרוואָס ער וויל עס ניט?

(כאַפּט אָן שמשונען פאַר אַ האַנט)

צי מיינט די שאלה ניט צו טרעפן מיך אַליין ?
די שאלה, זאָגסטו, קומט פון שפייער ?

**שמשון**

אָ, זאָל דער רבי מיך ניט חושד זיין.

**מהר"ם**

איך בין אין קיין זאַך דיך ניט חושד, שמשון.

**שמשון**

די שאלה קומט פון שפייער. יאָ, פון שפייער :
אויב ראובן זיצט אין תפיסה און קאָן ווערן אויסגעלייזט,
און געלט פאַרמאָגט ער, נאָר ער איז אַ קמצן —
איז זיצט ער און ער וואַרט אויף קהלס געלט,
ווייל פדיון־שבוים, ווייס ער, איז ביי קהל אַ מצווה,
ווער קהל, טראַכט ער, אים שוין אויסלייזן. —
וואָס דאַרף מען טאָן מיט אים ?

**מהר"ם**

(אָטעמט אָפּ לייכטער, צעשמייכלט זיך אַפילו)

אַזוי זעט אויס די שאלה אַנדערש גאָר.
אַזאַ ראובנען באַדאַרף מען אָנלערנען :
מען דאַרף אים אויסלייזן בעל כרחו
אויף זיין, ראובנס, חשבון און הוצאות,
מען זאָל באַצאָלן פון זיין אייגן געלט פאַר אים
אַזויפיל וויפל מען באַצאָלט פאַר יעדן שבוי.
אַזויפיל אָבער און ניט מער.

(זאָגט איבער נאָך אַמאָל)

אַזויפיל און ניט מער.

(אַ לאַנגע פּויזע)

וואָס שוייגסטו, שמשון ? האָסט ניט מער קיין שאלות ?



**שמשון**

(גיט זיך אַ כאַפּ)

און איצט אַ שאלה פון קאָנסטאַנצע :
אַז ראובן גייט אַריין אין אַ געוועלב פון בשמים
און זיצט דאָרט אָפּ אַ גאַנצן טאָג,
און איז אוודאי נהנה פון די גוטע ריחות —
צי איז ער יוצא מיט איין ברכה וואָס ער מאַכט
אויף אַלע בשמים, אָדער ער באַדאַרף
אויף יעדן מין אַן אַנדער ברכה מאַכן ?

**מהר"ם**

ער איז יוצא, שמשון, מיט איין ברכה,
אויב נאָר ער בלייבט אַ גאַנצן טאָג אינעם געוועלב,
נאָר אויב ער גייט אַרויס און קומט אַריין צוריק,
באַדאַרף ער מאַכן פונדאָסניי אַ ברכה, —
ווייל יעדעס מאָל אַריינקומען באַטייט :
אויף ס'ניי מגלה זיין גאָטס זיסע וועלט,
וואָס טראָגט אין זיך די ריחות פון גן־עדן
און וואָס פאַרטרייבט די שטיקעניש פון גיהינום.

(דערהערט אַ כליפּ פון שמשון)

וואָס איז מיט דיר — דו וויינסט ?

**שמשון**

(מאַכט זיך האַרט)

חלילה, רבי, חלילה.
און איצט פון רעגענסבורג אַ שאלה :
אַז שמעון שלאָגט זיין ווייב —
צי דאַרף מען האַרבער זיין מיט אים
ווי מיט אַן אַנדערן וואָס שלאָגט אַ חבר ?

**מהר"ם**

בלי ספק האַרבער. וואָרעם יעדער ייד
דאַרף ערלעך האַלטן ס'ווייב נאָך מער פון זיך אַליין.
דער פרוי דאַרף זיין באַשערט צו האָבן נחת ;
און דעם וואָס הייבט אַ האַנט, חלילה, אויפן ווייב,
באַדאַרף מען מחרים זיין און געבן מלקות.
און ס'דאַרף דערביי געזאָגט ווערן :
אַז ווי דער פרוי וואָס האָט אַ מאַן
און וויל פאַר אים ניט אויסזען שיין,

און נאָך מער ווי דער פרוי
וואָס האַלט זיך אין מאַכן שיך
און האָט אינגאַנצן ניט קיין מאַן.

**שמשון**

אַ שאלה איצט פון אַפּענהיים:
אויף וואָס פאַר אַ מדרגה
באַדאַרפן ידן האַלטן יענע לערער
וואָס לערנען זייערע קינדער שווערד־געפעכט?

**מהר"ם**

מכוח דעם האָב איך אַ סך געטראַכט,
און דאָ אין תפיסה איז מיר קלאָר געוואָרן
וואָס פריער איז ביי מיר געווען אַ ספק. —
מען דאַרף די לערער האַלטן אויף דער זעלביקער מדרגה
ווי די, וואָס לערנען מיט די קינדער תורה.
זיי לערנען, זאָלסטו וויסן, ידישע קינדער
צו שטעלן זיך אַנטקעגן שונאים ווען מען דאַרף
באַשיצן שטאָלץ דעם כבוד פון ישראל. —
געדענק עס גוט, איך בעט דיך.

**שמשון**

כ'וועל גוט געדענקען, רבי, כ'וועל געדענקען.
(פייערלעך)
און איצט אַ שאלה, רבי לעבן,
וואָס קומט פון אַלע קהילות דארצנו,
אַ שאלה גאָר אַ שווערע, גאָר אַ האַרבע.

**מהר"ם**

מכוח וואָס?

**שמשון**

מכוח גיין אויף קידוש השם.

**מהר"ם**

איך בין אוודאי זיך משער וואָס דו מיינסט —
פונדעסטוועגן מאַך קלאָר פאַר מיר די שאלה.

**שמשון**

אַ שאלה אין אַ שאלה, רבי:
אַ ייד וואָס גייט אויף קידוש השם —
וואָס דאַרף ער און וואָס מעג ער טאָן,
אַז זיינע טויט־יסורים זאָלן אים ניט וויטאָן? —
לחלוטין טאַקע גאָר ניט ווי טאָן,
כדי ער זאָל ניט דאַרפן שרייען בפרהסיא.



און נאָך אַ שאלה קומט אַריין אין דעם —
אַז אפשר טאָר ער גאָר אַזוינס ניט וועלן,
אַפילו אויף אַ העלפט דערפון ניט וועלן? —
ווייל אויב ער זאָל לחלוטין גאָר ניט ליידן,
צי וועט, חלילה, גאָר די גאַנצע מצווה
ניט ווערן בטל ומבוטל?

**מהר"ם**

(מיט נאָך פאַרשטאַרקטער פייערלעכקייט)
אוי, אוי, שמשון, ביסט גערעכט.
די שאלה איז ביז גאָר אַ האַרבע;
און ידן, ווייל זיי פרעגן אַזאַ שאלה,
פאַרדינען שוין מיט דעם אַליין אַ ברכה,
ווייל אין דער שאלה גופא ליגט די תשובה
פאַר אַלע אויסדערוויילטע אין ישראל,
פאַר אַלע, אַלע,
פאַר מאַן און פרוי, פאַר אַלט און יונג,
ווייל וועלכער ייד איז ניט קיין אויסדערוויילטער? —
און איצטער, שמשון, צא ולמד:
צי קאָן גאָר ווען עס איז געמאָלט זיין,
אַז עמיצנס אַ קידוש השם זאָל ניט פאַררעכנט זיין,
זאָל ניט אַריין אין ספר פון גאָטס חשבון?
די טבע פון יסורים איז,
אַז אַלעמאָל און שטענדיק טוען זיי וויי;
יסורים וואָס זיי טוען גאָרניט וויי,
לחלוטין גאָרניט ווי —
אַזוינע זיינען גאָר אין ערגעץ ניט בנמצא,
אין ערגעץ ניט, אין ערגעץ ניט בנמצא.
ווייל דאָס איז דאָך ידוע,
אַז ווען מען שטעכט אַן אבר מיט אַ שפּיז,
צי ווען מען ברענט אים מיט אַ פייער,
צי ווען מען נעמט מיט צוואַנגען ציען
די אַדערן פון אים — וויל שטאַרק דער אבר שרייען;
און שרייען הייבט ער אָן צו וועלן
נאָך אידער ס'פייער רירט אים אָן.
פון דעם איז דאָך געדרונגען, שמשון,
אַז גאָר די מינדסטע שרעק אַפילו,
די מינדסטע דאַכטונג פון אַ קלענסטער פּיין,
וואָס שונאים פון ישראל זיינען גורם,
איז אָן שום ספק אַ מדרגה שוין פון קידוש השם. —

און כ'האָב אויף דעם בקבלה פון מיין פאָטער ז"ל,
אַז שרייען איז דער ערשטער טראָט צו קדושה,
ווייל נאָכדעם, נאָכן ערשטן אויסגעשריי,
קאָן יעדער ייד, מיט כוח פון כוונה,
דערגייך צו דער מדרגה פון אַ פולן בעל־נצחון —
אַז ווען ער ווערט אַרומגעכאַפּט מיט פלאַם
זאָל ער זיין ערשטן ווײ־געשריי מבטל זיין די רגע,
און גלייך אַריבער איבער יעדן ווייטיק.
דער עיקר איז מכוון זיין דורך שמע ישראל
און דורך אחד מיט אַלע רמ"ח אברים.

(טומל הינטער דער טיר. וועכטער עפנט)

**וועכטער**

נאָך געסט צום יודן־רב.

(עס קומען אַריין אין קאַמער די ראשי הקהל פון מאַינץ, וואָרמס, שפייער, אַפּענהיים, קאָנסטאַנצע, ראָטענבערג. זיי זיינען אָנ־געטאָן פאַרנעמלעך. זיי נייגן זיך, שטרעקן אויס ציטעריקע הענט צום מהר"ם. ראש הקהל פון מאַינץ רופט אויס יעדן מיטן נאָמען פון זיין שטאָט. אַלע גיבן זיי דעם מהר"ם שלום עליכם. מהר"ם ענטפערט יעדן באַזונדער: עליכם שלום ראש הקהל פון —— אאַז״ו. נאָכן געבן שלום בלייבן אַלע שטיין מבולבל. דער שמש און שמשון שטייען לעבן מהר"ם, פּרובירן אים אָװעקזעצן. מהר"ם אָבער וויל בלייבן שטיין אָנשפּאַרנדיק זיך אָן זיין שטעקן. נאָך אַ לאַנגער פויזע גיבן אַלע געסט אַ קרעכץ אַרויס: רבי, רבי!)

**מהר"ם**

אָן פחד, רבותי.

**ראש הקהל פון מאַינץ**

ווי קאָנען מיר דען ניט זיין אָנגעפילט מיט פחד,
בשעת מיר זעען אייך אין תפיסה דאָ?

(מיט באַזונדערן ווײ)

איך פיל מיך שולדיק, רבי, קעגן אייך.
איך בעט מחילה.

**מהר"ם**

איך בין אייך מוחל, ראש הקהל פון מאַינץ.

**ראש הקהל פון וואָרמס**

אַ גרויסער חטא געווען פון אַלעמען פון אונדז
אַזאַ נבלה צו דערלאָזן צוליב געלט.



מיר האָפן אַז דער רבי וועט ניט זיין
פאַרעקשנט מער —

**ראש הקהל פון אָפּענהיים**

ווייל ס'קאָן דאָך ניט געמאָלט זיין, רבי,
אַז איר זאָלט זיצן איינגעשפּאַרט אין תפיסה,
און מיר זאָלן אַרומגיין פריי.

**ראש הקהל פון מאַינץ**

דער רבי זאָל אונדז אויסהערן מיט גוטן. —
מיר האָבן היינט צונויפגערופן אַן אסיפה
און אָנגענומען אַ החלטה —

**מהר"ם**

אַז וואָס?

**ראש הקהל פון מאַינץ**

צו אויספאָלגן דעם הערצאָגס געלט־פאַרלאַנג.

**מהר"ם**

(אויפגעפלאַמט)

צי ווייסט איר ניט מיין רצון אַלע? —
אויב מער אַ פּרוטה פון דעם איינגעשטעלטן פּרייז,
וואָס יעדער צאָלט פאַר אַ געווינלעכן געפאַנגענעם —
וועל איך ניט מסכים זיין.

(די אויפרעגונג פון די געסט הייבט אָן וואַקסן)

**ראש הקהל פון מאַינץ**

ניט שייך גאָר צו טראַכטן וועגן דעם.
דער הערצאָג טרעט ניט אָפּ פון זיין פאַרלאַנג.
און מיר זיינען מרוצה אים צו געבן ס'גאַנצע געלט —
אַבי דער רבי זאָל באַפרייט ווערן די רגע.
מיר האָבן ס'גאַנצע געלט מיט זיך.

**מהר"ם**

איך גיב ניט מיין הסכמה, רבותי.

**ראש הקהל פון מאַינץ**

צי איז עס פאַר דעם רבינס אַלטע כוחות
אַליין צו פירן אַ מלחמה מיטן הערצאָג?

**ראש הקהל פון וואָרמס**

אַ חוץ דעם מעג דער רבי וויסן אַז סע שטערט אונדז.
סע שטערט אונדז זייער שטאַרק אין אַלץ.

דאָס גאַנצע לעבן אונדזערס איז צעדרייט.
צוליב דעם רבים אויסגעהאַלטענער עקשנות.
דער רבי איז ניט מסכים, אָבער מיר —
מיר זיינען אויך ניט מסכים מיטן רבין.
דער רבי שטעלט דאָך אַלע יידן איין אין קאָן.

**ראש הקהל פון קאָנסטאַנצע**

און איך וועל פרעגן גאָר אַן אַנדער שאלה:
צי מעג דער רבי זיין אַ מאבד עצמו לדעת —
זיך נעמען בידים און זיך אומברענגען ?

**מהר"ם**

(טיף געטראָפן, רעדט שטיל, קוים וואָס מען הערט)

אויב יאָ אַזוי, רבותי — קומט מיר מלקות.
גיי, משה לעבן, זוך אויס אַ רצועה
און גיב מיר פולע מלקות.

**שמש**

(אין שרעק)

חס וחלילה, רבי.

**שמשון**

די ידן מיינען דאָך אוודאי אייער טובה. — —
איך בעט אייך, רבי, זעצט זיך צו.

(ער זעצט אים אַוועק. מהר"ם זיצט אַ ביסל. זיין אויפרעגונג שטייגט אין אים. ער שטעלט זיך אויף. אַלץ אין אים ציטערט)

**אַלע**

(מיט געבעט)

מיר ווילן זיך דאָך איינשטעלן פאַר אייך.
אָ רבי, רבי.

**מהר"ם**

רבותי, לפי דעתי איז אויסגעקומען,
אַז ניט פאַר זיך, נאָר פאַר דעם כבוד פון ישראל
האָב איך מיין שוואַכן אָרעם אויפגעהויבן קעגן רשע,
כאָטש איך מאָל צו באַוויזן אים, דעם הערצאָג,
אַז ניט אַ יעדע רשעות קאָן ער אויספירן;
און איצטער קומט איר און איר טענהט טענות,
און אַלע זענט איר גרייט אים נאָכצוגעבן,
אַזוי ווי ס'וואָלט נוגע זיין נאָר מיך אַליין.
אַז ווי איז מיר אַזוינס פון אייך צו הערן,
אַז ווי, אַז ווי צום כבוד פון ישראל.



**ראש הקהל פון מאַינץ**

אָ רבי, רבי —

**מהר"ם**

צי ווייסט איר ניט, רבותי, אַז ס'איז דאָ אַ גרענעץ,
וואָס קיינער טאָר אים ניט אַריבערטרעטן, קיינער !
און מיר אוודאי מוזן היטן אונדזער גרענעץ,
ווייל ווער פון אונדז עס נעמט און שפּאַנט אַריבער,
גיט יעדן מינדסטן האַר און הערשער
אַ היתר אויפן גאַנצן הפקר. —
איר הערט, רבותי, אויפן גאַנצן הפקר.
צי ווילט איר עס ? — איך פרעג אייך.

**ראש הקהל פון אָפּענהיים**

מיר ווילן אַלע נאָר איין זאַך:
דער רבי זאָל באַפרייט ווערן.

**מהר"ם**

אוודאי ווילט איר. און צי מיינט איר
אַז איך וויל ניט באַפרייט ווערן ?
איך פרעג אייך. — — צא ולמד, רבותי,
אויב זיי מאַכן פון אונדז אַ הפקר
דורך זייער רשעות — האָבן מיר קיין מורא ניט פאַר זיי. —
זיי זעצן אונדז אין תפיסה — זיצן מיר;
מיר זיינען זיי מבטל — זיי און זייער תפיסה
און זייער מאַכט בבטול גמור;
נאָר ווען, חלילה, מיר אַליין דערלויבן זיך
אין אונדזער שרעק צו מאַכן פון זיך הפקר,
און זיך אַליין מבטל זיין,
און גיבן נאָך אַליין דערצו אונדזער הסכמה —
אוי דעמאָלט זיינען מיר פאַרלאָרן, רבותי,
אוי דעמאָלט ווערט פאַר אונדז די פרייהייט
נאָך פינצטערער, נאָך ערגער פון אַ תפיסה.
און דאָס איז דאָך וואָס זיי, וואָס אַלע זיי,
פון קלענסטן ביזן גרעסטן רשע, ווילן.
זיי ווילן אומברענגען אויף טויט אונדזער נשמה
נאָך מער ווי אונדזער גוף.
עס איז זיי ווייניק וואָס זיי מאַכן אונדז צו חרפה —
זיי ווילן נאָך, אַז יעדערער פון אונדז
זאָל זיך אַליין, דורך זיך אַליין, מבזה זיין.

זיי ווילן האָבן איבער אונדז אַ גרינגינקן נצחון,
זיי מיינען, אַז דורך פּיין און תּפיסות
דערגרייכן זיי עס אײנס און צוויי.
אַ ניין — אַזאַ נצחון וועל איך זיי ניט געבן!
(פּויזע)
רבותי, איך זע נאָך היינט פֿאַר מיינע אַלטע אויגן
דאָס בילד וואָס כ'האָב געזען מיט יאָרן אין פּאַריז,
ווי ס'פֿלאַקערט אויפֿן מיטן מאַרק דער שייטערהויפֿן,
און אינעם פֿלאַקער — לעבעדיקע ספֿרי־תּורהס,
אַ גאַנצער באַרג מיט ספֿרים און מגילות.
וואָס, מיינט איר, האָבן זיי געטאָן — די ספֿרי־תּורהס?
ניט פֿרעגט ביים צינדער און ביים תּליון,
נאָר פֿרעגט ביים פֿלאַם אַליין — ביים פֿלאַקער,
און ער וועט אייך שוין קלאָר דערציילן
ווי שטאָלץ די לעבעדיקע ספֿרי־תּורהס האָבן
געברענט, געפֿלאַקערט, אָבער ניט געוויינט;
זיי האָבן ניט געוויינט — די ספֿרי־תּורהס,
זיי האָבן ניט מבֿזה זיך געווען פֿאַר קיינעם,
זיי האָבן ניט געבעטן זיך ביי קיינעם
צו ווערן אויסגעלייזט דורך גזלה־געלט.
זיי האָבן אַלע לויטער שטאָלץ געפֿלאַקערט, —
אש טהור, רבותי, אש טהור. — — —
(פּויזע)
וואָס שייך מיך אַליין, רבותי,
איז אפֿשר טאַקע אמת אַז איך בין
ניט ראוי פֿאַר דער שליחות.
איז אפֿשר קומט מיר טאַקע מלקות.

(אַלע שטייען ווי פֿאַרגליווערט)

**ראש הקהל פֿון אָפּענהיים**

אַ רבי, רבי — הייליקע ווערטער אייערע.
פֿאַרשעמטע שטייען מיר אַנטקעגן אייך. —
וואָס זאָלן מיר איצט טאָן?

**מהר"ם**

גייט אַלע, רבותי, אַהיים בשלום,
און ברענגט דעם פֿאָלק אמונה און בטחון.

**ראש הקהל פֿון מאַינץ**

מיר מוזן אָבער דאָך דעם הערצאָג געבן
אַ שנעלע תּשובֿה. —



**ראש הקהל פֿון וואָרמס**

מיר האָבן אים פֿאַרשפּראָכן.

**מהר"ם**

(אין צאָרן)

פֿאַרשפּראָכן? אָן מיין הסכּם?

**ראש הקהל פֿון מאַינץ**

דער הערצאָג האָט געזאָגט, אַז אויב דער רבי וועט
אויף ווייטער אָנהאַלטן צו זיין פֿאַרעקשנט,
וועט ער עס אויפֿנעמען ווי אַ מרידה קעגן מלכות.

**מהר"ם**

מרידה? אמת, רבותי, ס'איז אמת.
און איצטער זאָגט מיר, רבותי, איך פֿרעג אייך:
אויב גאָט ברוך הוא האָט איינעם אָנגעטרויט,
צי אפֿשר גאָר אַרויפֿגעלייגט אויף אים אַ חובֿ,
צו שטעלן זיך אַמאָל אַנטקעגן רשע —
זאָל ער ניט אָננעמען די זכיה?
און אויב ער האָט די זכיה אָנגענומען —
צי וואָלט איר וועלן אַז ער זאָל ניט אויסהאַלטן?
איך פֿרעג אייך, רבותי — צי וואָלט איר וועלן?
איך פֿרעג אייך! —

(אַלע שטייען געפּלעפּטע)

איך פֿרעג אייך נאָך אַמאָל.

**ראש הקהל פֿון אָפּענהיים**

(מיט טרערן אין די אויגן)

ווי קענען מיר אייך אָבער איבערלאָזן דאָ?

**אַלע**

(מיט געבעט און יראת הכּבֿוד)

ווי קאָנען מיר? ווי זאָלן מיר?

**מהר"ם**

גייט יעדער פֿון אייך צו זיך אַהיים
און היט געטריי דעם כּבֿוד פֿון ישׂראל.

**אַלע**

(אין טרערן)

זייט געזונט, רבי.

**מהר"ם**

גאָטס ברכה אויף אייך אַלעמען, רבותי.

(אַלע לאָזן זיך אַרויסגיין. מהר"ם צו שמשון)

זאָלסט געדענקען, שמשון לעבן, אַלע תשובות.

**שמשון**

כ'וועל געדענקען, רבי.

**מהר"ם**

די תשובות וואָס מען דאַרף אַוועקשיקן דורך שליחים
אין ווייטע שטעט, שיק תיכף ומיד אַוועק.
זאָל צדק זיין און סדר אין ישראל.

(אַלע אָפּ. מהר"ם שטייט אין מיטן צעל מיטן שטעקן אין דער האַנט. דער קאָפּ הויך און עקשנותדיק געהויבן. נעמט זיך מיטאַמאָל וואַקלען פון מידקייט, לאָזט זיך אַרונטער אויף זיין בעטל, פאַרוואַרפט מיטן קאָפּ ווי אין אַ צושטאַנד פון אָנמאַכט. עס שלייכן זיך אַריין אַהאַספער און דניאל. שטייען ביי דער וואַנט. די צעל ווערט אָנגעפילט מיט אָוונט)

**אַהאַספער**

מיד, רבי לעבן?

**דניאל**

דער רבי איז ניט מיד.

**מהר"ם**

(זיצנדיק מיטן קאָפּ געזונקען צו זיין ברוסט)

כ'בין יאָ אַ ביסל מיד.

**אַהאַספער**

שויך צייט זיך אָפּצופאַסטן, רבי.

**מהר"ם**

נאָך ווייט צו אָוונט?

**דניאל**

ניט ווייט. כ'וואָלט זייער ניט געוואָלט
דער רבי זאָל זיין מיד. —
דער רבי האָט נאָך זייער פיל דאָ אויסצושטיין.

**מהר"ם**

וויפיל?



**אַהאַספער**

(צו דניאל)

דאָס טאָרסטו ניט מגלה זיין.

**מהר"ם**

צי וועל איך זוכה זיין אַז ווער פון אייך
זאָל מיר מגלה זיין דעם צווייטן סוד:
ווי לאַנג נאָך וועלן יידן דאַרפן ליידן?

**אַהאַספער**

צי ווייס דער רבי ווער איך בין?

**מהר"ם**

איך ווייס, ר' אַהאַספער.

**דניאל**

און איך וואָלט זייער וועלן אויסזאָגן
ווי לאַנג דער רבי וועט דאָ דאַרפן ליידן —

**מהר"ם**

צי ווייסטו, זון מיינער?

**דניאל**

אוודאי ווייס איך.
איך בין צוזאַמען מיטן רבין דאָ
און — אויך באַזונדער, אין אַ צווייטער תפיסה.

**מהר"ם**

טאָ זיי טאַקע מגלה מיר, מיין זון —
ווי לאַנג וועל איך דאָ דאַרפן זיין?

**אַהאַספער**

(שטרענג)

איך הייס ניט.
מיר וועלן איצטער זיך אַוועקלייגן און רוען.
דער רבי דאַרף אוודאי רוען.

(אַהאַספער און דניאל ציען זיך אויס אויפן דיל. מהר"ם — אויפן בעטל האַלב ליגנדיק מיטן קאָפּ פאַרוואָרפן)



## בילד זיבן

(אין ענזישהיימער פעסטונג. אין זיבן יאָר אַרום. די צעל — אַ גרעסערע ווי אין דער פריערדיקער תפיסה. אין איין ווינקל פאַרדרייט זי זיך און נעמט אָן אַן אויסזען פון אַ שטיקל קאָרי־דאָרל. אַ בעט, אַ טישל און אַ שטענדער. אויפן שטענדער אַ פאַנאַנדערגעוויקלטע ירישה. מהר״ם האַלט אין פאַר־ענדיקן שרייבן אַ ספר תורה. אַ סך יריעות ליגן צונויפגעוויקלט אויפן טישל, אויך ספרים ליגן דערבײַ. מהר״ם איז פיזיש שוין געבראָכן, אַ צוזאַמענגעדרייטער זקן, אָבער זיין פעסטקייט איז ניט געבראָכן; אין זיין גאַנצער באַנעמונג פילט זיך, אַז ער גרייט זיך אויפן אָנקום פון דעם אומפאַרמידלעכן — צום שטאַרבן. ער איז באַהערשט פון חלומות און זעאונגען, די גרענעץ צווישן חלום און וואָר איז ווי אָפּגעווישט פון פאַר אים. סאיז נאַכט. אַ ליכט ברענט איבערן שטענדער. מהר״ם ליגט אַנידערגעפאַלן אויפן בעט, האַלב שלאָף — האַלב וואַך. ער טראָגט אויפן האַלדז זיין זיגל.

אין פאַרדרייטן ווינקל, אויסגעצויגן אויף דער ערד, ליגט פאַרזונקען אין שלאָף אַהאַספער. לעבן אים זיצט דניאל. אין דער זעלביקער פאָזע ווי אין דער פראָלאָג־סצענע. דניאל הייבט זיך אויף, גייט צו צום מהר״ם, שטייט איבער אים.)

**דניאל**

(דיער שטיל)

דער רבי שלאָפט ?

**מהר״ם**

(ניט אויפהייבנדיק זיך, אַזוי ווי רעדנדיק צו עמיצן אין דמיון)

אין טעג פון פורעניות אויף כל ישראל,<br>ניט זוך אַרויסצוטיילן נאָר דיין אייגענעם צער,<br>ווייל קודם כל, מיין זון, קומט קהל.

**דניאל**

דער רבי זאָגט מיר מוסר ?



**מהר״ם**

צי ביסטו ניט מיין טרייער תלמיד חיים,<br>וואָס שיקט מיר בריוו פון ארץ־ישראל ?

**דניאל**

דעם רבין חלומט זיך. — איך בין דניאל,<br>דער רבי ווייסט דאָך שוין. —

**מהר״ם**

ביסטו דאָך אויך<br>אַן אורח מיר צו חלום. ווייט ביסטו ?

**דניאל**

איך בין די גאַנצע צייט מיט אייך אין צעל דאָ.

**מהר״ם**

די גאַנצע צייט ? דאָס מיינט דאָך זיבן יאָר.

**דניאל**

שוין באַלד ס׳אַכטע יאָר.

**מהר״ם**

ס׳אַכטע שוין ? — באַדאַרף עס מיינען<br>אַז מיין זכרון דינט מיר שוין ניט גוט.<br>און דו ביסט טאַקע דאָ מיט מיר די גאַנצע צייט ?<br>אויך דאָס געדענק איך עפּעס ניט אינגאַנצן.

**דניאל**

כ׳בין דאָ און -- ערגעץ נאָך.

**מהר״ם**

איז ווער שליסט אויף פאַר דיר מיין תפיסה־טיר ?

**דניאל**

אַ תפיסה מיט אַ תפיסה גיסן זיך צונויף,<br>און שאָטנס פלעכטן זיך צונויף מיט שאָטנס,<br>און דורות שליסן זיך אַריין אין דורות —<br>און דעמאָלט שלייך איך זיך אַריין.

**מהר״ם**

גאָטס גרויסע וואונדערלעכע נסים.<br>ביסט שטאַרק געראָטן אין מיין תלמיד חיים,<br>קוקסט אויס ווי ער. ביסט יונג ווי ער,<br>און אויך ווי ער אַ בעל־חלומות.

ער איז אַוועק קיין ארץ־ישראל
נאָך דעמאָלט, דעמאָלט, ביי דער גרענעץ,
און איז פאַרבליבן דאָרט. איך בענק נאָך אים.
ער שרייבט אין בריוו צו מיר, אַז די משיחים
וואָס האָבן זיך באַוויזן, זיינען אָפּנאַרער געווען.
אוי וויי, מיין האַרץ האָט מיר אַזוי געזאָגט.
און ארץ־ישראל, שרייבט ער, איז נאָך אַלץ אין חורבן.

(די לעצטע ווערטער זאָגט ער אַרויס מיט געוויין)

דניאל

אַ וויינט ניט, רבי.

מהר"ם

ניין, איך וויין ניט, זון מיינער.

ער שרייבט מיר — אַזאַ טייערער איז ער —
אַז ס'האָט צו אים דערגרייכט מיין שיר, מיין קינה
אויף די פאַרברענטע ספרי־תורות אין פּאַריז,
וואָס כ'האָב עס דאָ אין תפיסה־צעל געשריבן,
און נאָר צו אים, און מער צו קיינעם ניט, געשיקט.
די קינה, שרייבט ער, האָט אים דורכגעגליט זיין האַרץ.

דניאל

אויך איך בין דורכגענומען מיטן צער פון אייער שיר.
איך קען די ווערטער.

(נעמט זאָגן)

שאלי, שרופה באש, לשלום אבליך,
המתאוים שכן בחצר זבוליך,
השאפים על־עפר־ארץ והכאבים,
המשתוממים עלי מוקד גליליך — — —

מהר"ם

(זעצט זיך האַלב אויף. מען זעט ווי ער איז צוזאַמענגעפאַלן אין זיקנה. זיינע אויגן אָבער ברענען גלוטיק. ער שטרעקט אויס זיינע הענט)

אַ זון מיינער, דו זאָגסט דאָך מיינע ווערטער,
דו טראָגסט דאָך מיין געוויין אין זיך.

(פאַלט אַוועק צוריק)

כ'בין מיד, מיין זון. כ'בין אַלט
און קיינער קומט ניט צו מיר לעצטנס.
דער הערצאָג לאָזט ניט צו. ער נעמט נקמה.

דניאל

דער רבי וועט מנצח זיין.



מהר"ם

ווער בין איך צו מנצח זיין, מיין זון ?
איך ווער פון אַלעמען פאַרלאָזן און פאַרגעסן.
איך בין אַן אַרעמאַן וואָס זיצט אין חושכניש,
אַן אָפּגעבראָכענע פאַרשטויבטע שוועל
וואָס האָט אַמאָל געהייסן מאיר ב"ר ברוך.

דניאל

אַ רבי, זאָגט עס ניט. אַ זאָגט עס ניט — —
אַז איך אַליין באַדאַרף דאָך טרייסט און שטאַרקונג,
און איצט — — — אַ רבי, רבי ! קומט צו זיך.

(ער מינטערט דעם אַלטן)

אָט האָט איר דאָך אַ נייע ספר־תורה אויפגעשריבן —
אָט ליגן דאָך די פאַרטיקע יריעות —
איר האָלט דאָך שוין ביים סוף פון וזאת הברכה. —
איין ספר ווערט פאַרברענט — אַ צווייטער ווערט געשריבן. —
איך בעט אייך, רבי, קומט צו זיך.

מהר"ם

איך נעם אַריין אין זיך דיין טרייסט, מיין זון.
דיין קול איז זיס — אַ היילונג פאַר מיין האַרצן.
פאַרגעס די פריערדיקע ווערטער מיינע,
ווייל ס'איז ניט אין מיין דרך גאָר אַזוי צו רעדן —
איך בעט דיך, זון מיינער, פאַרגעס —

(פויזע)

וואָס שווייגסטו, זון מיינער ?

דניאל

איך הער זיך איין מיט אַלע אברים אין דער שטילקייט.

מהר"ם

איז וואָס זשע הערסטו ?

דניאל

שטילקייט פליסט אַריין אין שטילקייט.
עס טרעפט אָבער אַז שטילקייט שטורעמט אויף
מיט שרעקלעכער רציחה.

(אין פחד איילעניש)

איך מוז גיין !

מהר"ם

וואוהין ?

**דניאל**

צום קאַנצענטראַציע־לאַגער מיינעם.

**מהר"ם**

און וואו איז דיין באַגלייטער ?

**דניאל**

אָט ליגט ער דאָך אין ווינקל דאָ. ער שלאָפט.
כ'האָב אויסגענוצט זיין שלאָף. — אַז ניט,
וואָלט איך באַדאַרפט שוין לאַנג אַוועק פון דאַנען.
ער וואָלט מיך ניט געלאָזט דאָ זיין צו לאַנג.

**מהר"ם**

פאַרוואָס ?

**דניאל**

ער לאָזט מיך לעצטנס ניט איך זאָל
צו אָפט אַריבערגיין די גרענעץ פון מיין תפיסה,
ווי כ'האָב עס מיט זיין הילף געטאָן אַמאָל,
ווייל לעצטנס אַז מען כאַפט מיך שלאָגט מען מיך
גאָר אַנדערש ווי אַמאָל. גאָר אַנדערש.
איז וויל ער מיך פאַרהיטן ווי אַ פאָטער.

**מהר"ם**

אַוודאי דאַרף ער דיך פאַרהיטן.

**דניאל**

אָ, ניט קיין קלייניקייט דאָס שלאָגן וואָס זיי שלאָגן
מיט שווערד און בייטש, און — ערגער נאָך :
זיי צווינגען מיך צו גראָבן גרויסע קברים
פאַר טויזנטער געשאָכטענע פון אונדזער פאָלק.

**מהר"ם**

(פאַרשטעלט זיך סיפנים)

אָ ווייי איז מיר אַזוינס צו הערן. — ווייי, ווייי.

**דניאל**

די דייטשן וואַרפן לעבעדיקע מאַמעס
און קליינע קינדער, עופהלעך, אין פלאַם אַריין.
די דייטשן וואַרפן ייִדן אין מיליאָנען
אין גאַז־אויוונס, און זייער אַש
צעשפּרייטן זיי אויף פעלדער פאַר באַמיסטיקונג,



און אײדער מען פאַרברענט די קערפּערס שינדן זיי אַראָפּ
די הויט פון זיי, און צאַרטע פרויען־הענט
צעוועלגערן די הויטן, טריקענען זיי אויס
און מאָלן אויס געמעלעכצן אויף זיי
און מאַכן פון זיי לאָמפּן־שירעמס.
און ווער זיינען די פרויען־הענט ? די הענט פון גרעטכענס,
פון מאַרגאַרעטעס, פון ברוינהילדעס און פון לאָרעלייס.

**מהר"ם**

אוי ווייי ! — — פאַרוואָס ? פאַרוואָס ?

**דניאל**

ווי זאָל איך עס אייך קאָנען גאָר דערקלערן,
אַז כ'ווער אַליין צעפליקט פון מענטשנס משוגעת ! —
די שטילקייט איז שוין מער קיין שטילקייט ניט.
זי שרייט, זי שטורעמט און זי יאָמערט. —
צי הערט איר ניט ?

(פאַרשטיקטע געשרייען צעטראָגן זיך)

**מהר"ם**

איך הער, מיין זון, איך הער. אוי ווייי.
צי מיינסטו אַז עס האָט צו טאָן מיט דיר ?

**דניאל**

מיט מיר, צי ניט מיט מיר — איך ווייס ניט, רבי.
און אפשר גאָר מיט אייך. — איך הער נאָר איינס :
געשרייען קייקלען זיך ווי דונערן אַהער —
געשרייען פון יאָרהונדערטער. — כ'מוז איילן, רבי.

**אַהאַספּערס קול**

דניאל, שנעל.

**מהר"ם**

אָן פחד, זון מיינער, איך בעט דיך. זיי געבענטשט
אין אַלע דיינע אַנגסטן.

(דניאל ווערט אויפגעלייזט אין דער טונקלקייט. די פאַרשטיקטע געשרייען דערנענטערן זיך צום מהר"מס צעל. מהר"ם, אַן אויפגעציטערטער, הייבט זיך אויף פון זיין געלעגער, הערט זיך צו געשפּאַנט. די טיר עפנט זיך און דער וועכטער וואַרפט אַריין קנופּן, אַ צעשויבערטן, אַ צענויפגעפאַלענעם, אַ האַלב־פאַראַלייזירטן, אַ קוים־יאָמערנדיקן)

**וועכטער**

זיי דאַ צוזאַמען מיטן יודן־רב, דו הונט איינער.

(וועכטער אָפּ. קנוף ליגט, האַלב זיצנדיק אויפֿן דיל. מהר״ם, אַ דערשטוינטער, קוקט אים אָן, באַגרייפֿט קוים וואָס דאָ קומט פֿאָר)

**קנוף**

רבי !

**מהר״ם**

וואָס טוסטו דאָ ?

**קנוף**

דאָס זעלבע וואָס דער רבי טוט.

**מהר״ם**

וואָס הייסט דאָס זעלבע ?

**קנוף**

איך זיץ אין תפיסה ווי דער רבי זיצט.

**מהר״ם**

דאָס זע איך שוין אַליין. ווי לאַנג ?

**קנוף**

דאָס דריטע יאָר שוין.

**מהר״ם**

אַט דאָ אין ענזיסהיים ?

**קנוף**

אין ענזיסהיים ערשט אָנגעקומען היינט.
צו וואָס אַהער אין רבינס צעל דווקא —
פֿאַרשטיי איך ניט. מסתמא שטעקט אין דעם
דעם הערצאָגס טיוולשע נקמה.

**מהר״ם**

מיט וואָס האָסטו זיך אַזוי שטאַרק פֿאַרזינדיקט ?

**קנוף**

חלילה ניט פֿאַר גנבה, צי פֿאַר מאָרד.

**מהר״ם**

פֿאַרוואָס עפּעס „חלילה" ?
צי האָסטו ניט געוואָלט דעם טעם פֿון מאָרד פֿאַרזוכן ?



**קנוף**

געוואָלט, נאָר ניט פֿאַרזוכט.
דאָס האַרץ האָט ניט דערלאָזן.

**מהר״ם**

דערפֿאַר האָסטו פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון שמד און פֿון מסירה.

**קנוף**

(אויפֿגעציטערט)

אָ רבי, כ'בעט איך מיך ניט פּייניקן. —
איך בין דאָך שוין געפּייניקט און — פֿאַרפּייניקט ;
וואָס קאָן דער רבי וועלן נאָך ? —

**מהר״ם**

רבונו דעלמא, רבונו דעלמא !

**קנוף**

דער רבי קערט נאָך אַלץ אַוועק פֿון מיר זיין פּנים.
דער רבי אָבער מעג דאָך וויסן,
אַז אים איז בעסער פֿונעם מסור קנוף.
דער רבי איז געפּייניקט, אָבער ניט פֿאַרפּייניקט.
און איך בין יאָ. דעם רבין איז דאָך גוט.
איך זע דאָך ווי עס ברענען ליכטיק זיינע אויגן,
ווי תקיפֿותדיק ער הייבט אויף זיינע הענט.
און מיינע הענט — ווי שטיקער האָלץ.
מיין גאַנצער גוף — ווי איין שטיק ליים.

(ער לייגט זיך אויס איבערן דיל)

דער רבי מעג אינגאַנצן זיין צופֿרידן,
זיין קללה איז מקוים שוין געוואָרן :
איך בין פֿאַרדרייט, פֿאַרדאַרט, פֿאַרקריפּלט. —
וואָס וויל דער רבי נאָך ?

**מהר״ם**

זיי שטיל און ליג.

**קנוף**

אוודאי ליג איך. כ'האָב אַ ברירה דען ?
אַפֿריער בין איך קראַנק געוואָרן אויף דער פּאַליקע,
דערנאָך — אויף הענט און פֿיס פֿאַרשטיינערונג,
ווייל חרפּה און חרטה האָבן מיך געגעסן.
דערנאָך האָב איך געמאָנט אַ היים ביים הערצאָג,

ווייל קיינער האט מיך ניט געוואלט אריינגעמען צו זיך.
לסוף האב איך א היים באקומען —
אין אלע קעלערן פון אלע תפיסות.
און דא וועט אפשר זיין מיין לעצטע היים —
מיין קבר.

**מהר"ם**

וואס וויל פון דיר דער הערצאג ?

**קנופ**

דער הערצאג נעמט פון מיר נקמה
פאר זיין מפלה ביי דעם רבין.
דעם רבים איינגעשפארטקייט מאכט אים ווילד.
די גאנצע וועלט איז ער מסוגל אומצוברענגען
אבי צו ברעכן די עקשנות פונעם רבין.
דערפאר מסתמא האט ער מיך געבראכט אהער
צו אנטאן מיר יסורים פארן רבין אין די אויגן. —
אז אפשר וועט דער רבי זיך מרחם זיין
און אויפהערן צו זיין פארעקשנט — —

**מהר"ם**

צוליב דיר ?

**קנופ**

צי איך פארדין שוין גאר קיין רחמים ניט ?

(דעם מהר"ים נעמט דורך א ווייטאגדיק געלעכטער. קנופ הייבט זיך האלב אויף פון דיל)

דער רבי לאכט פון מיר ?

(מיט געשריי)

גענוג צו לאכן !

(סיוועדט שטיל. פויזע)

צי אויך דער רבי איז א בעל־נקמה ? —
דער רבי איז דאך אזא שטילער צדיק.
אז ווי — איך קאן קיין האנט ניט אויפהייבן.
אז ניט, וואלט איך נאך איצט
באווייזן וואס עס מיינט א בעל־נקמה.
אז ווי, אז ווי —
ווי אויסגערונען ס'איז מיין חלום,
ווי ווערעמדיק — מיין האפענונג.



ווי מיאוס, ווי פארשאלטן מיין געביין.
און אלץ פארוואס ? —
דערפאר ווייל כ'האב געוואלט א ביסל תענוג,
א טראפן עולם־הזה.
דעריבער ליג איך איצט ביי אייער פוס
אזוי ווי א געליימטער הונט.

(ער נעמט קריכן מיט שווערקייט, רוקט זיך צום מהר"ים, שטרענגט זיך אן מיט אלע כחות אויפצושטעלן זיך. ער קאן ניט. ער שטרעקט אויס דינע הענט מיט געבעט)

א, רבי, הייבט מיך אויף !

**מהר"ם**

(נעמט אים פאר די הענט און שטעלט אים אויף)

**קנופ**

א דאנק. א דאנק.
געבענטשט זאל זיין דער רבי.

(בלייבט שטיין אנגעשפארט ביי דער וואנט אן מהר"ימס הילף)

איך בעט מחילה, רבי.
צוליב מיין שולד, צוליב מיין נישטיקייט
קומט־אפ דער רבי זיינע אלטע יארן דא. —
צוליב מיין הינטישקייט. — איך בעט מחילה.

**מהר"ם**

ניט איצט. אן אנדערש מאל.

**קנופ**

און וואס וועט זיין אן אנדערש מאל ?
צי זעט דער רבי ניט אז ס'איז פארפאלן,
אז בידע זיינען מיר איצט גלייכע תפיסהניקעס —
אז בידע זינקען מיר אין תהום ?
צי זעט דער רבי ניט ?

**מהר"ם**

און וואס, למשל, וואלט געווען
ווען כ'נעם און גיב־אויף מיין עקשנות ?

**קנופ**

(מיט שמחה)

דער רבי וואלט באפרייט געווארן תיכף . . .

**מהר"ם**

און וואס וואלסטו געהאט דערפון ?

**קנופּ**

וואָס הייסט, וואָס הייסט ? —
דער הערצאָג וואָלט אויך מיך געוויס באַפרייט.

**מהר"ם**

צי וואָלסטו וועלן איך זאָל נאָכגעבן דעם הערצאָג ?

**קנופּ**

דער רבי פרעגט עס אויף אַן אמת ?

**מהר"ם**

(שאַרף)

צי ביסטו טויב ? איך פרעג דאָך דיך. —
צי אפשר האָט דער הערצאָג דיך בכיוון
אַריינגעשיקט צו מיר אין צעל אַהער,
כדי דו זאָלסט מיך אָפּנאַרן מיט פאַלשע רייד ? —
צי ביסטו ניט נאָך אַליין דער זעלבער מסור ?

**קנופּ**

(מיט געוויין אין קול)

אַ זאָל דער רבי מיך ניט חושד זיין.

**מהר"ם**

טאָ ענטפער קלאָר מיר אויף דער שאלה :
צו וואָלסטו וועלן איך זאָל נאָכגעבן דעם הערצאָג ?

**קנופּ**

(מיט לעצטע כוחות)

אַ ניין ! אַ ניין ! דאָס ניט ! איך וויל עס ניט.
דער רבי וויל מיך אויספּרובירן.
ווער בין איך אַז איך זאָל גאָר ווערט זיין
געשטעלט צו ווערן צו נסיון ? — און אויב יאָ,
באַדאַרף עס זיין אַ סימן אַז דער רבי
האָט אַליין אַביסל צוטרוי נאָך צו מיר,
צו מיר — דעם אומגעקומענעם לעולם ועד.
איז דאָס אַליין אַ סימן שוין פון גליק,
איז דאָס אַליין גענוג אַז מיינע אבריי
צעטאַנצן זאָלן זיך מיט פולן כוח
און זאָלן מיך אַ טראָג טאָן ווי אויף פליגלען
דורך אַלע תפיסה־צעלן און דורך אַלע שלעסער.
אָ רבי, רבי, פליען וויל איך, איך — דער וואָרעם,
דער זינדיקער, דער טויט געשלאָגענער־דערשלאָגענער,



דער אָרעמער פאַרשעמטער קנופּ,
וואָס איז שוין מער ניטאָ, לחלוטין מער ניטאָ. —
געווען אַ קנופּ אַ נאַרישער און — מער ניטאָ.
און וואו איז ער אַהינגעקומען, רבי ? וואו ?
אַוועקגעפלויגן איז ער. זיין געליימטער גוף
איז אויפגעשטאַנען פלוצלינג תחית המתים,
ווייל איר האָט אים געהייסן אויפשטיין.
געהייסן. יאָ, געהייסן. היינט ווי שיקט זיך עס
אַז איר זאָלט פרעגן איצט אַזאַ מין שאלה
צי וויל איך אַז דער רבי זאָל זיך אונטערגעבן ?

(מיט געיאָמער)

איך וויל עס ניט ! איך וויל עס ניט !
דער רבי זאָל ניט נאָכגעבן ! —
און — רבי, זייט מיר מוחל. מוחל.

(דער וועכטער יאָגט אַריין)

**וועכטער**

זיי שטיל, דו הונט איינער.
זיין האָהייט איז דאָך דאָ,
און ער — ער רעוועט גאָר.
שטיי אויף ! זיין האָהייט קומט אַהער.

(קנופּס קול האַקט זיך אָפּ. ער ליגט אויף דער ערד אַזוי ווי אָן לעבן. פון זיין מויל שפּאַרט אַ שוים. דער וועכטער דרייט זיך אַרום אים, ווייס ניט וואָס צו טאָן, שטופּט אים מיט די פיס, אָבער קנופּ רירט זיך ניט. וועכטער לאָזט אים איבער, לויפט אַרויס האַסטיק)

**מהר"ם**

דער הערצאָג ? בכבודו ובעצמו ?
אַ שטאַרק מיך, בורא עולם, שטאַרק מיך.

(בויגט זיך איבער קנופּן)

שטיי אויף. עפן די אויגן.
איך בין דיר מוחל.
כ'נעם אַראָפּ פון דיר מיין קללה,
צעעפן דיינע ליפּן, זאָג עפּעס.

(לייגט אַרויף זיין האַנט אויף קנופּס ברוסט, שפּרינגט אויף אין שרעק)

אוי, ווי, ער אָטעמט קוים.

(פּויזע)

רבונו דעלמא, זיי אויך דו אים מוחל.
צי איז ער ניט געווען געשטראָפט גענוג ?
צי האָט ער ניט אויף זיך אַליין
מקיים פסק געווען ?

(ער ווערט אַליין באַוועלטיקט פון אַ שוואַכקייט. ער לאָזט זיך אַראָפּ אויפן בעטל קוים, קוים אָנהאַלטנדיק זיך אָן דין שטעקן)

רבונו דעלמא, גיב אים נאָך אַ ביסל חיות,
פאַרלאָז אים ניט, באַשיץ אים,
וועק אויף אין אים אַ מינדסטן ריר,
אַ שוואַכסטן צאַפּל פון אַ פינגער,
און זאָל עס זיין ווי אַן התראה פאַר דעם פייניקער,
ווייל יעדער ריר, אַפילו פון אַ שטאַרבענדיקן,
ברעכט דורך די פעלזן פון דעם רשעס מאַכט.
אויך מיך פאַרלאָז ניט אין דער שווערסטער רגע.

(הייבט אויף זיינע הענט)

און אויב עס איז דיין רצון איך זאָל גרייט זיין
אויף נאָך ענויים — גיב מיר כוח דערויף,
אַזוי ווי דו'סט געגעבן פון דיין כוח
צו ר' עקיבא און צו חנינא בן תרדיון.

(עס קומט אַריין דער הערצאָג אין דין פולער הלבשה, קעניגלעך, באַגלייט פון ריטערס און פעסטונג־באַאַמטע. איידער וואָס ווען שטויסט ער זיך אָן אַן קנופּס גוף, וואָס ליגט אויף דער ערד)

הערצאָג

(שפּרינגט אָפּ)

ווער ליגט עס דאָ ? — אַרויסשלעפּן פון דאַנען !

(וועכטער שלעפּט אַרויס קנופּן פאַר די פיס פון צעל)

הויפּט פון פעסטונג

(צו מהר"ם)

אויפשטיין, יודע, אויפשטיין !

מהר"ם

(פּרובירט אויפצושטעלן זיך אָבער קען ניט)

הערצאָג

זיצן זיי. זיצן זיי.

(צו אַלע באַאַמטע)

כ'וויל בלייבן דאָ אַליין מיטן געפאַנגענעם.



(אַלע, אַ חוץ צוויי ריטערס ביי דער טיר, אָפּ. די ריטערס שטייען די גאַנצע צייט אויסגעצויגן, שטאָליק, רירן זיך ניט פון אָרט ביז דעם הערצאָגס אָפּגאַנג. דער הערצאָג שטייט אין מיטן פון דער צעל, באַטראַכט לאַנג דעם מהר"ם ווי ער זיצט אָנגעלענט אָן דיין שטעקן)

הערצאָג

דער קאַמעראַד, וואָס איז געלעגן אויפן דיל דאָ,
האָט ניט געשמעקט, ווייזט אויס, דעם יודן־רב.

מהר"ם

דער קאַמעראַד געהערט צו אייער האַהייט.

הערצאָג

אַ ניין. — דער קאַמעראַד געהערט צום יודן־רב —
אַ קאַמעראַד אין תפיסה.

מהר"ם

דאָס יאָ — מיין קאַמעראַד אין תפיסה.

הערצאָג

צי האָט דער קאַמעראַד געזאָגט וואָס ?

מהר"ם

צי האָט ער עפּעס דען געהאַט צו זאָגן —
אַ חוץ פאַרשלאָפטע ווערטער וועגן זיך אַליין ?

הערצאָג

אַזוי ? אַזוי ? דער יודן־רב איז פאַרזיכטיק.
אַפילו קנופּן וויל דער יודן־רב ניט טאָן קיין שאָדן.

(פויזע)

מיט העכער זיבן יאָר צוריק
האָב איך געהאַט די זייער גרויסע ערע
צו זען דעם יודן־רב ביי מיר אין פאַלאַץ.

מהר"ם

און היינט האָב איך די זייער גרויסע ערע
צו זען זיין האַהייט דאָ ביי מיר אין פאַלאַץ.

הערצאָג

אַזוי ? — אָט דער פאַלאַץ איז אויך דאָך מיינער.

(אויפגעקאָכט, מיט אויסגעשריי)

וואָס זיצסטו ? — אויפשטיין !

**מהר"ם**

אודאי אויפשטיין. ווי דען אַנדערש?

(שטרענגט זיך אָן אויפצושטעלן זיך)

**הערצאָג**

(מיט ביטול)

נו זיצן זיי. נו זיצן זיי.

(מיט ליאַרעם)

איך זאָג דאָך: זיצן זיי!

**מהר"ם**

(שטעלט זיך ווי ניט איז אויף מיט דער הילף פון זיין שטעקן און בלייבט שטיין תקיפותדיק)

אָט בין איך אויפגעשטאַנען, איער האָהייט.

**הערצאָג**

(צווישן די ציין)

זיין יעדעס וואָרט איז פול מיט גאַל.

(צום מהר"ים)

דער יודן־רב האָט אויך אין תפיסה דאָ
זיין שטעקן מיטן גאָלדן הענטל —
און אויך זיין זיגל טראָגט ער אויפן האַלדז.
צי מיינט דער יודן־רב, אַז אויך אין תפיסה דאָ
האָט עפּעס נאָך אַ ווערט זיין יחוס־שטאָלץ?

**מהר"ם**

מיין יחוס־שטאָלץ וואָס קומט פון גאָט ברוך הוא איז אייביק.

**הערצאָג**

איך בין אַליין געקומען אין דער שפּעטער שעה
צו וואָרענען דעם יודן־רב צום לעצטן מאָל,
אַז אויב ער וויל ניט זיין פאַרניכטעט —

**מהר"ם**

דעם יודן־רב קאָן קיינער ניט פאַרניכטן, איער האָהייט.

**הערצאָג**

(פאַרלירט אינגאַנצן געדולד)

דו מיאוסער, פאַרפלוכטער יודנקאָפּ!
דו ביסט דאָך שוין פאַרניכטעט און צעשטערט.
סע שמעקט דאָך שוין פון דיר מיט קבר.



ווי פרעך ער שטייט עס מיטן שטעקן אין דער האַנט
און מיטן זיגל אויפן האַרצן!
אַרונטער מיטן זיגל!

(ער גיט אַ ריס אַראָפּ פון מהר"ימס האַלדז דאָס קייטל מיטן זיגל און אויך אַ ריס אַרויס פון זיין האַנט דעם שטעקן, צעברעכט דעם שטעקן אויף צוויי. גיט ביידע זאַכן אַ שליידער צו דער ערד. דעם מהר"ים אַליין גיט ער אַ שטופּ־אָפּ פון זיך. מהר"ים פאַלט אַוועק אויפן בעטל. הערצאָג מאַכט אַ באַוועגונג אַרויסצוגיין פון קאַמער, בלייבט שטיין ביי דער טיר, קערט זיך אום צוריק, שטייט און קוקט ווי מהר"ים ליגט אַנגעלענט. ער זאָגט מיט אַ שטיקנדיקן קול)

ווער ביסטו?

**מהר"ם**

(זעצט זיך ווי ניט איז אויף. שטיל שווייגן)

**הערצאָג**

ווער ביסטו?

**מהר"ם**

(שווייגט)

**הערצאָג**

ביסט יודן־רב — דאָס ווייס איך.
נאָר דאָס איז ניט גענוג פאַר מיר.

**מהר"ם**

פאַר מיר איז דאָס גענוג.

**הערצאָג**

איך פרעג דיך נאָך אַמאָל: ווער ביסטו?
ווייל עפּעס איז מיר ניט פאַרשטענדלעך דאָ.

**מהר"ם**

פאַר מיר איז עס פאַרשטענדלעך.

**הערצאָג**

איך פרעג צום פערטן מאָל: ווער ביסטו?

**מהר"ם**

איך בין אַ פּשוטער פאַרפאָלגטער ייד. ניט מער.

**הערצאָג**

איך פיל דאָך אָבער מעכטיקייט אין דיר.
אין וואָס באַשטייט דיין מאַכט?

**מהר"ם**

מיין מאַכט?

(אַ לאַנגע פויזע)

מיין מאַכט באַשטייט אין דעם וואָס כ'האָב קיין מאַכט ניט.

**הערצאָג**

(נעמט קייכן פון געלעכטער)

דאָס אַלץ? דאָס אַלץ? —
ביסט, הייסט עס, שטאַרק אַנטקעגן מיר
מיט דעם וואָס דו ביסט שוואַך?
און איך בין, הייסט עס, שוואַך אַנטקעגן דיר
דערפאַר ווייל כ'האָב אַזויפיל מאַכט? — —
אַן איינפאַל פון אַ רב. נו גוט, נו גוט.
כ'וועל געבן דיר פאַרזוכן גאָר אויפס'ניי
מיין שוואַכקייט אָט אַ די.

(ער בייגט זיך איין און הייבט אויף מהר"מס זיגל. שטרעקט אויס צום מהר"ם דעם זיגל גלייכצייטיג מיט אַ פּאַפּיר)

איך גיב דעם יודן־רב די לעצטע מעגלעכקייט
באַפרייט צו ווערן שוין אין דער מינוט, —
ער דאַרף נאָר טאָן איין קליינע זאַך:
אויף דעם פּאַפּיר אַרויפלייגן זיין זיגל.

**מהר"ם**

וואָס שטייט אין דעם פּאַפּיר?

**הערצאָג**

אַ צושטימונג

אַז ייִדן זאָלן געבן דאָס פאַרלאַנגטע געלט.

**מהר"ם**

(שטייט רואיק, גיט ניט אַ ריר מיט קיין האַנט צום פּאַפּיר און זיגל, וואָס דער הערצאָג שטרעקט אויס צו אים. זאָגט געלאַסן)

זיין האָהייט קאָן צוריקנעמען זיין האַנט און דאָס פּאַפּיר.



**הערצאָג**

(גיט אַ וואָרף דעם זיגל צו דער ערד. ווילד פון צאָרן)

דער יודן־רב ווייזט אויס וויל זייער שטאַרק
פאַרזוכן פאַרן טויט די מאַרטער־קאַמערן
פון אונדזער פעסטונג — שמיץ און אַנגעגליטע שפּיזן.

**מהר"ם**

אויב ס'איז אַזוי גאָטס רצון —

**הערצאָג**

דער יודן־רב שטעלט אויך אין טויט־סכנה
זיין הויזגעזינד און מערער נאָך — זיין נאָכפאָלגער,
וואָס איז דער הויפּט־רב היינט אין מאַינץ.
ער איז אין פעסטונג דאָ.

**מהר"ם**

(אין שרעק, אויסער זיך)

פאַרשפּאַרט? עס קען ניט זיין!

**הערצאָג**

דערווייל נאָך ניט. דערווייל — צו גאַסט נאָר.
און אויך די טאָכטער פון דעם יודן־רב איז דאָ.
איך האָף אַז זייער ביידנס פרייהייט
איז עפּעס ווערט נאָך ביי דעם יודן־רב,
כדי ער זאָל ניט לייקענען פאַר זיי
דעם אמת וואָס ער הערט פון מיינע ליפּן.
דער יודן־רב זאָל אויף אַ האָר ניט מיינען,
אַז אויב ער שטאַרבט אין תפיסה דאָ
איז אַלץ געענדיקט. — ניין, ער מאַכט אַ טעות!
דער יודן־רב וועט דאָ פאַרפוילט ווערן. —
אפילו טויטערהייט וועט ער פון דאַנען ניט אַרויס.
די ביינער פון דעם יודן־רב אויף אייביק וועלן זיך
אַרומוואַלגערן אין טויטן־קאַמער דאָ,
אָן הספד און אָן קבורה. אייביק. אייביק.

(שפּרינגט צו צום שטענדער וואו עס ליגן די יריעות)

וואָס איז דאָס?

**מהר"ם**

יריעות פון דער תורה.

**הערצאָג**

ווי קומען זיי אַהער?

**מהר"ם**

די גאַנצע וועלט איז פול מיט זייער כבוד.

**הערצאָג**

ווי קומען זיי אַהער?

**מהר"ם**

איך האָב זיי געשריבן.

**הערצאָג**

אויך זיי וועלן פאַרפוילט ווערן אין קבר דאָ
צוזאַמען מיט די ביינער פון דעם יודן־רב.

(וואַרפט יריעות צו דער ערד)

אויך זיי — אויך זיי.

(אָפּ האַסטיק. מהר״ם פאַלט־צו צו די פאַרשוועכטע יריעות. קושט די, לייגט זיי צוריק אויפן שטענדער. אַלץ אין אים פי־בערט. ער לאָזט זיך אַראָפּ מיט האַסט אויפן בעטל. פאַרדעקט זיין פנים מיט ביידע הענט. די טיר, נאָכן אַרויסגיין פונעם הער־צאָג און די צוויי ריטער־שומרים, איז ניט פאַרמאַכט געוואָרן. דער וועכטער פירט אַריין אָשרן און אסתרן)

**אסתר**

(פאַלט צו צום אַלטן)

טייערער פאָטער־לעבן.

**מהר"ם**

(מאַכט אַ פאַרזוך זיך אויפצושטעלן. בלייבט זיצן מאַכטלאָז)

אסתרלין, ליב קינד מיינס.
און דו, אשר מיינער, שלום עליכם דיר,
מיין תלמיד, מיין געטרייער.

**אשר**

עליכם שלום, רבי הייליקער.

**מהר"ם**

חלילה פון צו רופן מיך אַזוי. חלילה.
איך בין ניט זוכה.

(ווען אסתר צעוויינט זיך)



אסתרלין, האַלט איין די טרערן.
איך בעט דיך.

**אסתר**

אָט ווייניסטו דאָך אַליין —

**מהר"ם**

פון שמחה וואָס איך זע אייך ביידן.

(זיין קול ווערט שטאַרקער)

דערציילט וואָס מאַכן אַלע — רחלין און שלמה?
און שמשון? און אַלע, אַלע?

**אסתר**

אַלע זיינען געזונט, פאָטער־לעבן.

**מהר"ם**

(זעט ווי אסתר קוקט אויף אים אָנגעשטרענגט)

וואָס קוקסטו, אסתרלין, וואָס זעסטו?
כ׳בין זייער אַלט געוואָרן — וואָס?

**אסתר**

(קאָן זיך ניט קאָנטראָלירן, איר געוויין רייסט זיך פון איר. דער אַלטער נעמט די אַרום)

**מהר"ם**

אוודאי איז דעם מענטשנס טבע: ווייניגן
נאָך לאַנגע יאָרן פון צעשיידונג —

**אסתר**

שוין מער ווי זיבן יאָר.

**מהר"ם**

און איך בין אויך דאָך ניט פון אייזן.
פונדעסטוועגן זאָל זיין גענוג. וויל טרערן —
אויב נאָר מען לאָזט זיי פריי — —

(וויל זיך אויפשטעלן. אסתר און אשר העלפן אים. ער שטעלט זיך אויף)

איר זעט — איך בין שוין ווידער שטאַרק.
דעם רשע אויף להכעיס.

**אסתר**

דער הערצאָג האָט באַפוילן אונדז אַהער צו קומען. —
וואָס זאָל עס מיינען, פאָטער?

**אשר**

באַפוילן מיטן כוח פון התראה.

**מהר"ם**

איך ווייס. איך ווייס.
ער איז אַט ערשט געווען דאָ.
געקומען מיך צעברעכן, און — איר זעט דאָך —
צעבראָכן האָט ער נאָר מיין שטעקן.

(לאַכט קרעפטיק)

איר זעט — אָט ליגט דער שטעקן מיינער.

(אסתר הייבט־אויף די צוויי האַלבע שטיקער פונעם שטעקן, אירע הענט ציטערן)

ניט זאָרג זיך, טאָכטער, וועגן דעם,
כ'וועל אויסקומען אויך אָן אַ שטעקן. — — —
און כ'קאָן אייך ביידן אָנזאָגן אַ גוטע בשורה:
איך האָלט דאָך שוין ביים סיום פון דער ספר תורה.
די לעצטע פסוקים אָנצושרייבן נאָר.
קום צו צום שטענדער, אשר, זע.

**אשר**

(גייט צו צום שטענדער וואו עס ליגן די יריעות. קוקט אַריין אין זיי)

דער רבי איז אַ וואונדערלעכער סופר.
אַ יעדער אות איז צאַפלדיק און פלאַטערט.

**אסתר**

ווי גוט עס איז צו זען דיך אַ געמוטיקטן, אַ שטאָלצן.

**מהר"ם**

איצט רעדסטו ווי אַ טאָכטער פון ר' מאיר בר' ברוך.
פאַרנעם דעריבער מיינע לעצטע ווערטער.

(צו אשר)

אויך דו פאַרנעם זיי.

**אשר**

פאַרוואָס די לעצטע ?

**מהר"ם**

זייט וויסן בײדע : מיינע טעג זיינען געציילטע.



**אסתר**

ניין. ניין.

**מהר"ם**

דערפאַר האָט אייך דער הערצאָג איצט געהייסן קומען,
כדי דורך אייך מיך אָנצושרעקן און צעטומלען.
וואָס שייך, אָשר, דיך — איז זיין מחשבה
אָן אָפּענע.

**אשר**

איך שפיר אין רבינס ווערטער גזר.

**מהר"ם**

איך שעץ מיך גליקלעך וואָס דו ביסט
דער מנהיג און דער מדריך היינט אין מאַינץ.
איך האָב זיך ניט גענאַרט אין דיר.
דיין ליכט נעמט אויפגיין ערשט
צוזאַמען מיט דיין נאָמען איבער אַלע קהילות.
דעריבער טאָר איך דיך ניט שטעלן אין סכנה.

**אשר**

וואָס וויל דער הערצאָג טאָן ?

**מהר"ם**

ער וויל אויך דיך פאַרשפאַרן אין דער פעסטונג.

**אשר**

כ'בין גרייט אויף דעם. כ'בין גרייט.
אַבי דער רשע זאָל ניט אויספירן.

**אסתר**

אויך איך בין גרייט.

**מהר"ם**

אָז וואויל איז מיר אַזוינס פון אייך צו הערן.

**אשר**

צי מיינט דער רבי אַז דער גזר איז שוין געחתמעט ?

**מהר"ם**

דערווייל ביסטו נאָך פריי, פאַרשטיי איך.
דער הערצאָג שפּילט אַ שפּיל אַזאַ מיט מיר.

ער וויל מיך אין אַ נעץ פון שרעק פאַרפּלאָנטערן,
אין ספקות און אין שווערן ישוב־הדעת,
אין חשדים און אין מוראס, כדי דורכדעם
די לעצטע כוחות מיינע צו צעברעכן.
ער וועט דיך לאָזן גיין אַהיים דערווייל,
נאָר יעדע רגע וועט ער האַלטן איבער אונדז
די בייטש פון ערבות און פון קרבן ;
און אפשר וועט ער גאָר פאַר דיר
אַן אַנדער תפיסה אויסזוכן,
כדי נאָך מער צו פּייניקן מיין האַרץ
מיט דיינע עלנטע יסורים. —
טאָ הער מיין עצה כל זמן ס'איז נאָך צייט :
פאַרלאָז די רגע דייטשלאַנד.

**אשר**

(דערשטוינט)

אַנטלויפן ?

**מהר"ם**

דער רשע וויל מיט זיינע בייזע פּלענער
פאַרניכטן־אויסראָטן די בעסטע פון ישראל. —
דאָס טאָר זיך אים ניט איינגעבן.
איך בין ניט מסכים אַז דו זאָלסט ווי איך
מיט גוטן ווילן אָננעמען די תפיסה.

**אשר**

פאַרוואָס האָט זי דער רבי אָנגענומען ? —
און כ'מעג דאָך איצטער זאָגן, אַז דער רבי
האָט זי אָנגענומען אַלץ ווי אַ פאַרדינטע שטראָף כמעט,
געזען אין אַלץ אַן אצבע אלקים.

**מהר"ם**

יאָ, יאָ, מיין זון, — אַ שטראָף פון גאָט ברוך הוא
פאַר וועלן ראַטעווען זיך דורך קרומע וועגן ;
מיט דיר אָבער איז אַנדערש.

**אשר**

כ'געדענק — דער רבי האָט אַרויסגעזאָגט אַ רעיון,
אַז יעדער ייד טאָר ניט אַנטלויפן פון זיין גורל.
פאַרוואָס באַשטייט דער רבי איצט
אַז איך זאָל יאָ אַנטלויפן ?



**מהר"ם**

עס איז בפירוש ניט קיין חוב און ניט קיין מצווה,
אַז אַלע יידן זאָלן גיין אויף קידוש־השם —
ווייל דעמאָלט וואָלט, חלילה, דאָך
דאָס גאַנצע פאָלק ישראל אָפּגעמעקט געוואָרן ;
און וויסן זאָלט איר, קינדער מיינע,
אַז קידוש־השם איז דעמאָלט נאָר אַ מצווה
ווען ס'איז אַ שטאַרקונג פאַר ישראל.
ווייל — איין ייד שטאַרבט על קידוש־השם,
אַ צווייטער לעבט אין זכות פון דעם.
איז איצט די שאלה, אשר לעבן,
צי דאָס, וואָס איז געשען מיט מיר, מוז אויך
געשען מיט דיר ? צי איז פאַראַן דערויף
די זעלבע סיבה ? — פּסקן איך אַז ניט.
פאַרלאָז וואָס גיכער דייטשלאַנד.

**אשר**

וואוהין ?

**מהר"ם**

דערווייל באַזעץ זיך אין איטאַליע.
איך וועל דיר מיטגעבן אַ בריוו צום גרויסן גאון
ר' שלמה בן אדרת. ער וועט דיך מקרב זיין.

(קוקט מיט דורכדרינגענדיקע אויגן)

אַזוי וועט עס געשען, מיין זון :
פון לאַנד צו לאַנד, פון לאַנד צו לאַנד, ביז וואַנען
ס'וועט קומען אויף אַן אמת אונדזער לאַנד.

(ער נעמט זיין פעדער און שרייבט שנעל אָן אַ בריוו, דערלאַנגט
עס אשרן)

**אשר**

(נעמט דעם בריוו מיט ציטערדיקע הענט)

און די ישיבה, רבי ?

**מהר"ם**

זאָל שמשון ווערן רב אין מאַינץ און ראש הישיבה.
און דו, מיין טאָכטער אסתרלין, פאַר גלייך אַהיים
און ברענג קיין מאַינץ מיין רצון וועגן דעם.

**אסתר**

(האָט זיך צוגעהערט די גאַנצע צייט, האַלט ניט אויס און פאַלט צו צום אַלטן)

ס'איז שרעקלעך, פאָטער.

**מהר"ם**

גאָר רואיק זיין, מיין טאָכטער, שטאַרק זיין.

**אסתר**

מיין שטאַרקייט פאַלט צוזאַמען.

**אשר**

אויך איך מוז עפּעס פרעגן נאָך דעם רבין. —
דער רבי אָבער זאָל ניט ווערן בייז.

**מהר"ם**

וואָס ווילסטו פרעגן, אשר ?

**אשר**

(מיט געקלעמטן ווייטיק)

אַ פראַגע וואָס מיר טראָגן אַלע טיף אין זיך.
אָ רבי, רבי — — — כ'מוז זי פרעגן אָפן :
אָ רבי — אפשר — אפשר —

**מהר"ם**

וואָס אפשר ?

**אשר**

פון אַלע קהילות קומען אָן געוויינען ממש :
מיר קאָנען ניט אַריבערטראָגן — טענהן זיי.

**מהר"ם**

וואָס קאָנען זיי ניט אַריבערטראָגן ?

**אשר**

דעם גרויסן צער און טרויער וואָס דער רבי —

**מהר"ם**

(מיט אויסגעשריי)

אָשר !



**אשר**

(קוים וואָס ער זאָגט אַרויס מיט אַ געשטיקטן קול)

ס'ליגט אָנגעגרייט די גאַנצע סומע געלט — —
אָ, רבי, אפשר פאָרט ? —

**מהר"ם**

אויך דו, אשר ?

**אסתר**

אָ פאָטער לעבן !

**מהר"ם**

אויך דו, אסתרלין ?

**אשר**

רבי !

**מהר"ם**

(מיט באַפעל)

שטיל !

(אָשר און אסתר שטייען מיט געבויגענע קעפּ, האַלטן קוים איין סיגשוויין אין זיך. לאַנגע אָנגעשטרענגטע פויזע.)

**מהר"ם**

איצט הערט וואָס איך פאַרזאָג אייך :
דער רשע וועט אודאי וועלן אויסנוצן מיין טויט,
ער וועט אפילו אייך ניט לאָזן ברענגען מיך
צו קבר־ישראל, ביז איר וועט ניט אויספּאָלגן
זיין גוואַלד־פאַרלאַנג. דעריבער בין איך גוזר :
ניט נאָכגעבן ! — איר הערט וואָס איך פאַרזאָג ?

(אסתר און אָשר שטייען פאַרקלעמטע. מהר"ם ווידער )

דו הערסט וואָס איך בין גוזר, אסתרלין ?

**אסתר**

איך הער, פאָטער לעבן.

**מהר"ם**

דו הערסט וואָס איך בין גוזר, אָשר ?

**אשר**

איך הער, רבי.

**וועכטער**

ציִיט פֿאַראיבער.

**מהר"ם**

(ליגט אַרויף זײַן האַנט אויף אשרס קאָפּ)

זײַ מצליח, זון מײַנער, אין דײַן נסיעה,
און זײַ געבענטשט בשם אלהי ישראל.

(טוט דאָס זעלבע צו אסתרן)

גאָטס ברכה אויף דײַן קאָפּ, טאָכטער מײַנע.

**אשר**

גוטע נאַכט, רבי.

**אסתר**

גוטע נאַכט, פֿאָטער לעבן.

(בײדע אָפּ. די טיר פֿאַרשליסט זיך. מהר״ם שטייט פֿאַרחושט אַ פּאָר רגעס, זעצט זיך און שטעלט זיך ווידער אויף, בויגט זיך אײַן און הייבט אויף די צוויי טײלן פֿון זײַן שטעקן, באַטראַכט זײ לאַנג. ליגט זײ אַוועק אויפֿן טישל. הייבט אויף דײַן זיגל, באַקוקט עס, טוט עס אָן צוריק אויפֿן האַלדז. טוט אָן אויף זיך אויך דײַן טלית, שאַרט זיך צו מיט געבראָכענע קני צום שטענדער, נעמט די גענזן־פֿעדער אין דער האַנט, וויל נעמען שרײַבן, גיט אַ פֿאַל צום בעט מיט דער פֿעדער אין האַנט. מען זעט אַז ער ראַנגלט זיך מיט זײַן שוואַכקייט. ליגט אַ ווײַלע. נעמט זיך אָן מיט נײַעם כּוח און הייבט זיך ווידער אויף, זאָגט זײַן באַליבטן פּסוק : **גם כי אלך בגיא צלמות לא אירע רע כי אתה עמדי — עמדי — עמדי.** — שטעלט זיך ענדלעך בײַם שטענדער און נעמט שרײַבן מיט דער פֿעדער איבערן פּאַרמעט. סינעמט שטאַרק טונקלען. סיוועט אײַנגאַנצן פֿינצטער. אַ פֿויזע פֿון עטלעכע רגעס. סיוועט צוריק אַ ביסל ליכטיק. קוים, קוים צו זען שפּעט. מהר״ם ליגט אויפֿן בעטל מיטן אויבערשטן האַלבן קערפּער, דער קאָפּ פֿאַרוואָרפֿן, די פֿיס הענגען אַרונטער. דער טלית — אויף דער ערד בײַ דײַנע פֿיס. דניאל און אַהאַספֿער שטייען איבער אים)



**דניאל**

כ׳בין דאָ געווען די גאַנצע צײַט, רבי.
כ׳האָב אַלץ געזען און אַלץ געהערט, —
פֿאַרגייט ניט, רבי, פֿאַרגייט ניט.

**אַהאַספֿער**

מען דאַרף אים גוט אַרויפֿלייגן אויפֿן בעטל.

(זיי לייגן אַרויף דײַנע פֿיס אויפֿן בעטל)

**מהר"ם**

(קוים צו הערן)

גם כי אלך בגיא צלמות — — —

**אַהאַספֿער**

לא אירע רע — —

**דניאל**

(בויגט זיך איבער אים)

כי אתה עמדי. — —
רבי הייליקער —

**אַהאַספֿער**

דער רבי האָט ניט ליב געהאַט
מען זאָל אים אַזוי רופֿן.

**דניאל**

איצט מעגן מיר.

**אַהאַספֿער**

יאָ, איצט מעגן מיר — —
ס׳געשעט, דניאל.
ברוך דיין האמת.

**דניאל**

דעקט אים איבער מיטן טלית,
צי אפשר גאָר מיט די יריעות.

**אַהאַספֿער**

די יריעות זאָלן ליגן אויפֿן שטענדער.

(ער דעקט איבער דעם מהר״מס גוף מיטן טלית, קוקט אַריין אין די יריעות)

דו זעסט, דניאל, דו זעסט —
פֿאַרענדיקט שרייבן ביזן לעצטן אות.

**דניאל**

(קוקט אויך אַריין און לייענט מיטן ניגון פֿון קריאה)

אשר עשה משה לעיני כל ישראל. —

**אַהאַספֿער**

דאָס מיינט דאָך אַ סיום, דניאל מיין זון.
אַ סיום איז שטענדיק אַ יום טוב, מיין זון —
אַ סיום פֿון הייליקע אותיות,
אַ סיום פֿון וואַרעמען אָטעם.
אַזוי האָט דער בורא עולם
אויף מיר אַזאַ גורל אַרויפֿגעלייט:
אַן אייביקער טרעגער צו זיין
פֿון סיומס, פֿון סופֿן,
וואָס גייען גלייך איבער אין אָנהייבס
פֿון נייע געבוירענע וועלטן. —
דערבײַ ווערט מיין אייגן האַרץ מיר
צעריסן אויף שטיקער געיאָמערס,
דערבײַ ווערט מיין אייגענער גוף
צעפּייניקט, צעשמיסן, צעחוזקט. —
צי האָסטו געהערט אָבער ווען
איך וואָרט פֿון תרעומות פֿון מיר?
איך פֿרעג דיך, דניאל.
איך זאָג עס, כדי דו זאָלסט וויסן
דעם אמת פֿון אויפֿגיין אין שטאַרבן.
ווער ליגט דאָ? ר׳ מאיר ב״ר ברוך?
ניין, ניין. — דער געמיינער פֿאַרפּייניקער
האָט זיינס ניט דערגרייכט. מיר׳ן נעמען
ר׳ מאירן מיט זיך. — ביסטו גרייט?

**דניאל**

כ׳בין גרייט.



**אַהאַספֿער**

ניט קוק וואָס אַ ניכטערע האַנט
וועט פֿינקטלעך פֿאַרשרייבן לדורות,
אַז דעמאָלט און דעמאָלט און דעמאָלט
איז עלנט געשטאָרבן אַ ייד,
אַן עקשן, און ליגן געבליבן
אין פֿינצטערער תפֿיסה אויף יאָרן.
זאָל שרייבן די פֿינקטלעכע האַנט,
נאָר מיר וועלן ביידע טאָן אונדזערס,
זיך איינבייגן פֿאַרכטיק און זאָגן:
שטייט אויף, ר׳ מאיר ב״ר ברוך,
שטייט אויף און — קומט מיט אונדז.

**דניאל**

שטייט אויף און — קומט מיט אונדז.

(זיי נייגן זיך ביידע איבער מהר״מס גוף און זאָגן צוזאַמען)

שטייט אויף און — קומט מיט אונדז.

(פֿאָרהאַנג)

